


אַ דראַמע אין 3 אַקטן פון דעם אידישן לעבן אין נאַצי-דייטשלאַנד

שער־בלאַט פון טאָדרעס געלער

אויפפירן און איבערזעצן — נאָר
מיט'ן שריפטלעכן הסכם פון מחבר.

דאָס ליד „פאַרליר ניט די האָפנונג" (אין
סוף פון בוך) דריקט אויס די שטימונג,
מיט וועלכער ס'איז באַהערשט דער לעצ־
טער אַקט פון „דערוואַכונג".



פאַרלאַג „אַרבעטער וועלט" — שיקאַגאָ
1939

# פונם פארלאג...

מיט דער דערשיינונג פון „דערוואַכונג" פון דר. באָריס קאַדער ברייגנען מיר ניט אַרויס קיין פנים חדשות פאַר דער ליטעראַרישער וועלט. אין איראָפּע זיינען שוין פון אים דערשינען פילע נאָוועלן און דערציילונגען אין רוסיש, אידיש און דייטש. אייניקע פון זיינע דראַמען זיינען אויפ־געפירט געוואָרן אַף דער רוסישער און אידישער בינע מיט אַ גאַנץ באַדייטענדן דערפאָלג. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין פילע צייטונגען און זשורנאַלן אונטער זיין נאָמען אויך אונטער פאַרשידענע פסעוודאָנימען.

דאָ אָבער, אין אַמעריקע, איז דר. קאַדער יאָ אַ פנים חדשות — דאַרום די איינלייטונג.

דר. באָריס קאַדער איז געבוירן אין רוסלאַנד (איצט ליטע). ער האָט שטודירט יוריספרודענץ אין פעטער־בורגער אוניוורסיטעט און אַרכעאָלאָגיע אין קייזער־לעכן אַרכעאָלאָגישן אינסטיטוט. ער האָט גראַדואירט פון אוניוורסיטעט אין 1914 מיט אַ דיפּלאָם פון ערשטן ראַנג.

דר. קאַדער האָט זיך ניט באַגרעניצט נאָר מיט ליטעראַ־רישער און יוריסטישער אַרבעט. ער איז געווען געזעל־שאַפטלעך אקטיוו. ער האָט זיך ברייט־האַרציק און וואַרעם אָפּגערופן אַף די גרויסע באַדערפענישן פון דער צייט. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון באַדייטענדע האָנאָראַרן פאַר אייניקע פון זיינע ליטעראַרישע ארבעטען, אָפּגעבענדיק זיי אין גאַנצן לטובת פאַרשידענע פאָנדן.

דער פּאָליטישער „רויטער קרייץ", וועמענס צוועק איז געווען צו העלפן אין דער צאַריסטישער רוסלאַנד פּאָלי־טישע געפאַנגענע אין טורמעס און פאַרשיקטע אין סיביר, האָט אין 1917, נאָך דער רעוואָלוציע, געגרינדעט אַ

פאָנד פאַר די אַמניסטירטע פּאָליטישע קעמפּער. דער דאַזיקער פאָנד האָט אַרויסגעגעבן אין צענדליקע טויזענטער עקזעמפּלאַרן קאַדער׳ס א ביכל, וואָס האָט אַרייַנגעבראַכט אַ גרויסע סומע דעם דערמאָנטן פאָנד.

קאַדער׳ס ליטעראַרישע ארבעטען האָבן באַרייכערט מיט באַדייטענדע געלד־סומען אויך אַנדערע פאָנדן:

,,פאַר פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן דעם פאָלק,"

,,פאַר די הונגער־ליידענדע אין וואָלגאַ־געגענט,"

,,פאַר די אידישע קרבנות פון פּאָגראָמען אין אוקראַינע."

פילע יאָרן האָט דר. קאַדער געלעבט אין דייטשלאַנד, זייענטיק פאַרבונדן מיט דעם דאָזיקן לאַנד מיט פילע פעדים — אקאדעמישע (ער האָט שטודירט אין די אוניווערסיטעטן פון לייפּציג און בערלין), געזעלשאפטלעכע און ליטעראַרישע (ער האָט געשריבן אין פאַרשידענע דייטשע און דייטש־אידישע צייטונגען און זשורנאלן).

אַ טייל פון זיינע דערציילונגען פון אידישן לעבן איז דערשינען אין דער דייטשער שפּראַך אין אַ זאַמעל־בוך און איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס באַגייסטערונג פון דער גאַנצער אידיש־דייטשער פּרעסע. באַרימטע שרייבער, אויך פון דער ניט אידישער וועלט־ליטעראַטור, האָבן געלויבט און אַנערקענט די ווערטן פון קאַדער׳ס שאַפונגען. זיין בוך ,,לאַכען און וויינען" איז איינס פון די פיל געלייענטע ביכער פון דעם דייטשן אידענטום.

די נאַצי־רעגירונג פאַראורטיילט קאַדער׳ס ליטעראַרישע טעטיקייט אַלס ,,שטאַטס - פיינדלעכע" און שיקט אים אַרויס פון דייטשלאַנד.

די פראַגען, וועלכע דר. קאַדער שטעלט אַרויס און באַהאַנדעלט אין זיין בוך ,,דערוואַכונג", וועלכן מיר האָבן גע־

פונען פאר זייער גויטיק ארויסצוגעבן, זיינען אָנגעווייר־טאָגטע אין אונזער אידישן לעבן.

דר. קאַדער גיט אונז ניט קיין פּאַרטיקען „רעצעפּט”, ער פאַרענטפערט ניט איינצעלנע פראַגען, ער גיט ניט קאָנקרעטע אָנווייזונגען אין דעם אָדער יענעם פאַל. פאַר אים איז וויכטיק די איבערלעבטע דערוואַכונג פון אידן, וועלכע זיינען גאַנצע דורות געווען אָפּגעריסן פון זייער וואָרצל, געשטאַנען ווייט פון זייער קוואַל. די דערוואַכונג, וועלכע ער מאַלט אונז אזוי הארציק, אזוי וואַרעם, פירט צו אַ נייעם לעבן, צו נייע קאַמפן, צו נייע נצחונות!

דר. קאַדער גלויבט אין די דערוואַכטע כחות און לאָמיר צוזאַמען מיט אים גלויבן:

ס׳לעבט דאָס אידיש פאָלק!

חוץ די פאַרשידענע קוואַליטעטן, וועלכע דר. קאַדער׳ס בוך פאַרמאָגט, חוץ דעם, וואָס מיר באַקענען זיך מיט דעם פאַמיליען־לעבן פון די דייטשע אידן, חוץ דעם, וואָס דאָס בוך וועט געבן די צוקינפטיקע היסטאָריקער אַ בילד פון דער היינטיקער שרעקלעכער עפּאָכע, מוז דאָס בוך פון דר. באָריס קאַדער דינען אַלס אַ מוסר השכל פאַר אונז, אידן, אין אַלע לענדער, וואו מיר לעבן!

אין דעם זין און אין דעם גייסט האָבן מיר דעם גרויסן כבוד און פאַרגעניגען בריינגען צו אייך, לעזער פון אידישן וואָרט, — די „דערוואַכונג”.

פאַרלאַג ”ארבעטער וועלט”—שיקאַגאָ.

„קאַמף מאַכט לעבעדיק,
קאַמף פֿאַרהאַרטעוועט.
קאַמף גיט מוט!
אין קאַמף געפֿינט מען זיך,
אין קאַמף דערהויבט מען זיך,
אין קאַמף שלאָגט הייס דאָס בלוט!"

# צום לעזער...

דער פּראָצעס פון אינערלעכן דערוואַכן איז זייער קאָמפּ־ליצירט.

דער דאָזיקער פּראָצעס איז פאַרבונדן מיט אַ שווערער, אָפטמאָל זייער לאַנגער, אינערלעכער אַרבעט — אַרבעט פון זוכן, גריבלען, פון אַראָפּלאָזן זאַך אין די טיפסטע טיפענישן פון אַ פאַרבלאָנדזשעטער, צעריסענער, מידער, פאַרצווייפלטער, אומצופרידענער, צערשפּליטערטער און געפּייניקטער נשמה, כדי אויפהויבן זי, די נשמה, אין די הויכע הויכקייטן...

אַ מענטש, וועלכער מאַכט דורך אַזאַ אַרבעט, האָט פאַר זיך אַ שווערן וועג, אַ דערנער־וועג: רעווידירן, דורכזעהן זיין פריערדיקן לעבן, מאַכן אַ חשבון הנפש, אַ אינער־לעכן באַלאַנס, איבערשאַצן פון דאָס ניי אַלע ווערטן, צע־רייסן די פעדים, וועלכע האָבן אים פאַרבונדן מיט׳ן עבר, מאַכן אַ סך הכל מיט דער פאַרגאַנגענהייט, חרוב מאַכן דאָס, וואָס איז פריהער געווען טייער און הייליק, אויס־קאָרענייען דאָס, וואָס דורות לאַנג איז געווען אַזוי טיף פאַרוואָרצעלט, אַראָפּוואַרפן פון זיך אַלע פריהערדיקע געוויינהייטן, אָן רחמנות אָפּהאַקן די צווייגן, אַף וועלכע דער מענטש האָט זאַך נאָך געהאַלטן, און אַף די חורבות אויפבויען אַ נ י י ע ם לעבן, אָנפילן דאָס לעבן מיט אַ נ י י ע ם גלויבן, מיט נ י י ע האָפנונגען פאַר נ י י ע קאַמפן, נ י י ע נצחונות...

דורך געהיימע, אינערלעכע קאַנאַלן גייט די דאָזיקע אַרבעט.

גליקלאך איז דער, וועלכער האָט דורכגעשלאָגן דעם וועג און איז אַרויס אַ זיגער! . . .

אַנדערע בלייבן אָבער אין מיטן וועג, מיט אַ פּוסטקייט אין האַרצן . . . וואוהין? . . .

און אַנדערע גייען אַרום דאָס גאַנצע לעבן דורך די ברייטע און לאַנגע גאַסן פון דער וועלט אין אַ אינערלעכן כאַאָס, אינערלעכן תהו ובהו, אין אַ אייביקן זוכן... זיך זעלבסט...

דאָס בוך, וואָס ליגט פאר אייערע אויגן, מיינע ליבע לע־זער, איז פון דעם לעבן פון די אידן אין נאַצי־דייטשלאַנד. די דייטשע אידן אין זייער באַדייטענדער מערהייט האָבן זיך דורות לאַנג געפילט אַלס דייטשן. זיי זיינען געווען מיט דער מיינונג, דאָט ס'איז איבערהויפּט ניטאָ אַ אידיש פאָלק, אַ אידישע נאַציע, נאָר אַ רעליגיעזע געמיינשאפט — אַ בונד פון מענטשן, וועלכע געהערן צו איין און דעם זעלבן רעליגיעזן גלויבן; אין דעם פאַל צו משה רבינו'ס גלויבן. דער חילוק פון די דאָזיקע דייטשן פון זייערע אַנדערע דייטשע שכנים ליגט אין דער רעליגיע: ווען די לעצטע גייען אין די קירך אָדער אין אנדערע "גאָטעס־הייזער", גייען זיי, די דייטשן פון משה רבינו'ס גלויבן, אין די סינאַגאָגע, אין טעמפּל. און אָט אַזוי, ווי ס'זיינען פאַראַן דייטשן פון פּראָטעסטאַנטישער, קאַטאָלישער, בודהיסטישער אָדער מאַכמעדאַנישער אמונה, זיינען אויך פאַראַן דייטשן פון משה רבינו'ס גלויבן.

אין דעם דענקען און פילן זיך אַלס הונדערט־פּראָצענטיקע דייטשן—האָבן אין דייטשלאַנד געלעבט אידן פילע דורות.

דער נאַציזם האָט איבערגענומען אין דייטשלאַנד די מלוכה־מאַכט, און בין לילה זיינען אַלע "דייטשן פון משה

רבינו'ס גלויבן" געשטעמפעלט געוואָרן אַלס אידן! גזירות האָבן זיך אנגעהויבן שיטן פון אַלע זייטן. דער טעראָר האָט געבושעוועט אכזריות'דיק און ברוטאַל. דער באָיקאָט, עקאָנאָמישער און געזעלשאפלעכער, האָט זיך פאַרשטאַרקט. ס'זיינען געקומען די גרויסע "רייניקונגען" און אידן זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון זייערע קול־טורעלע און ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס, וועלכע זיי האָבן אָנגעהאַלטן צענדליקע יאָרן. די נאַצי האָבן חרוב געמאַכט דאָס, וואָס אידן האָבן אויפגעבויט מיט הונדערטע יאָרן צוריק און געמאַכט דייטשלאַנד אַ נאָמען אין דער וועלט. ס'איז געקומען אַ "געוויטער, אַ שטורעם־ווינט", ווי עס דריקט זיך אויס איינער פון די פערזאָנען אין דעם דאָ־זיקן בוך — דער אַדוואָקאַט פראַנץ לעווענטאַל — און ביי די דייטשע אידן האָט זאך אנגעהויבן דער פּראָצעס, פון וועלכן איך האָב גערעדט אין ערשטן קאַפּיטל פון מיין הקדמה — דער פּראָצעס פון דערוואַכונג...

נאַטירלעך, ניט ביי אַלע מענטשן קומט די דערוואַכונג אין איין און דער זעלבער צייט, אַף איין און דעם זעלבן אופן.

ביי דער ליידי פיצדזשעראלד, צום ביישפּיל, האָט גענומען אַ זייער לאַנגע צייט ביז זי האָט דערוואַכט צום אידענ־טום: זי איז איצט אַלט 80 יאָר!

ליידי פיצדזשעראלד געהערט צו דער העכסטער אריסטאָ־קראַטיע פון ענגלאַנד. זי געפינט זיך אין פריינדשאפט־לעכע באַציהונגען צו די טשעמבערליינס, וועלכע זיינען אָפטע געסט אין איר שלאָס. זי שטעהט אויך נאָהנט צו די קעניגלעכע פאמיליע. איר מאַן איז געווען א קריסט און אירע קינדער געהערן צו דער אַנגליקאַנער קירך.

אַט די אַלטע, 80־יאָריקע, ליידי איז איצט געקומען צו איר פאָלק, צו אירע ברידער!

מיט לייב און לעבן האָט זי זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ גרויסע הילף־אַקציע פאַר ארץ ישראל און פאַר די אידישע פּליכטלינגע. אין אַ קורצער צייט האָט זי באַוויזן אַ גוואַל־דיקן אויפטו. זי האָט געגרינדעט דעם "גאָלדענעם פאָנד", וואוהין עס פליסען פון אַלע טיילן פון ענגלאַנד גרויסע געלדער און ווערטפולע חפצים. די איבערגעגעבענקייט פון דער זקנה צום אידישן פאָלק דינען אַלס אַ מוסטער פאַר פילע אידישע מענטשן.

פאַר די דערוואַכונג פון ליידי פּיצדזשעראַלד האָבן זיך גע־פאָדערט פילע יאָרן . . .

ביי דעם גענעראַל פון דער דייטשער אַרמיי, וועגן וועלכן איך וועל באַלד ריידן, האָט די דערוואַכונג גענומען אַ סך ווייניקער צייט, ווי ביי דער ליידי פּיצדזשעראַלד.

אין בערלין האָט מען מיר דערציילט פון אַ אַלטן, פאַר־דינסטפולן גענעראַל פון דער דייטשער אַרמיי, וועלכער האָט זיך באַרימט געמאַכט אין דייטשע מלחמות. די נאַציס האָבן אויסגעפונען, דאָס זיין באָבע איז געווען אַ אידישקע. דער גענעראַל זעלבסט האָט אָפּגעלעבט זיינע גאַנצע יאָרן און ניט געהאַט קיין שום אַנונג, דאָס אין זיינע אָדערן פליסט אידיש בלוט.

דער גענעראַל האָט געמוזט רעזיגנירן פון זיין אַמט. ער האָט באַלד אַנגעגעבן אַ בקשה צו דעם "רייכספער־באַנד פון אידישע פראָנטסאָלדאַטן": איך בין אַ סאָל־דאַט. געדינט ערלאַך און טריי מיין דייטשן פאָטערלאַנד, אָפּגעבענדיק אים מיין גאַנץ לעבן. דאָס פאָטערלאַנד האָט מיך אַרויסגעוואָרפן. און אַזוי ווי מ'האָט מיך געמאַכט

פּאַר אַ אידן, ווײַל איך זיך געפינען צווישן אייך, מײַנע ברידער, וועלכע איך האָב ביז איצט ניט געקענט, און טרײַ, ווי אַ סאָלדאַט, דינען מײַן אידישן פאָלק.

ניט שטענדיק גייט דורך אזוי גלאַט די דערוואַכונג. זי פירט אויך צו קאַטאַסטראָפעס.

שרײַבענדיק די צײַלן, קומט מיר אַפ'ן זכרון די פּיעסע "איוואַנאָוו" פון דעם גרויסן רוסישן שריפטשטעלער און דראַמאַטורג — אַנטאָן פּאַוולאָוויטש טשעכאָוו.

דער העלד פון דער דאָזיקער דראַמע — ניקאָלאַי אַלעקסייעוויטש איוואַנאָוו — האָט זיך פאַרפלאָנטערט אין זײַן פּערזענלעכן לעבן, פאַרבלאָנדזשעט, אויסגעגליטשט און וואָס ווייטער געגאנגען אַראָפּ באַרג . . . ער האָט מער ניט געקענט אויסהאַלטן זײַן גייסטיקע ירידה און ער האָט זיך גענומען דאָס לעבן.

ווען דער רעוואָלווער איז שוין געווען אין זײַן האַנט, גרייט אויסצושיסן, האָט ער אויסגעשריען:

— עס האָט דערוואַכט אין מיר דער פריערדיקער איוואַנאָוו . . .

דאָס איז געווען ז י י ן דערוואַכונג . . .

אסקאָלי, דער קאָמאנדיר פון א איטאַליענישן פאָלק אין פלאָרענץ, זיצט אין זײַן אָפיס, פאַרטיפט אין דינסט־אַרבעט. מ'ברענגט אים אַ באַפעהל, דאָס ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון זײַן אַמט, ווײַל ער איז אַ איד.

דער פּאָלקאָווניק אַסקאָלי האָט אַרויסגערופן צו זיך זײַן אדיוטאַנט און געגעבן אים א פּריקאַז, דאָס ער זאָל אויס־

שטעלן דעם פאָלק פאַר אַ פאַראַד, לויט אַלע מיליטערישע כללים.

ווען דער פאָלק איז שוין געשטאנען, און די טענער פון באַראַבאַן האָבן אנגעזאָגט, דאָס דער פאַראַד הויבט זיך אָן, האָט זיך דער אידישער פאָלקאָווניק אסקאָלי געווענדעט צו זיינע קאַמף־חברים:

— אָפיצערן, סאָלדאַטן! איך זעגן זיך מיט אייך. איך פאַרלאָז אייך נאָכדעם, ווי איך האָב פילע יאָרן געדינט טריי און ערלאַך. טראָגט זשע אין אייערע הערצער די זעלבע ליבע צו אונזער פאָטערלאַנד, ווי איך.

ער איז צוגעגאנגען צו דער פאַן, האָט באהאלטן זיין געזיכט אין אירע פאַלטן און האָט זיך דערשאָסן . . .
דאָס איז געווען ז י י ן דערוואַכונג . . .

די נאַצי־מגפה האָט אכזריות׳דיק געראַזיבעט ביי אונזער פאָלק אפילו לעבענס!

פילע דייטשע אידן האָבן געמאַכט אַ סוף מיט זייער לעבן . . .

זעלבסטמאָרדן אין דייטשלאנד, זעלבסטמאָרדן אין אַנדערע לענדער, וואוהין דאָס שיקזאַל האָט זיי פאַרוואָרפן...
ניט קענענדיק איבערלעבן די מורא׳דיקע קאַטאַסטראָפע און זייער פערזענלעכן חורבן, ניט האָבנדיק מער קיין כח צו קעמפן, מידע און פאַרצווייפעלטע, פאַרלאָזן זיי דאָס לעבן . . .

דאָס איז ז י י ע ר דערוואַכונג . . .

. . . און שטעהנדיק אין געדאנקן ביי זייערע הייליקע קברים, בויגן מיר, אין טיפן ווייטאָג און שטילן שמערץ, אונזערע קעפּ . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

מיינע פריינד, די פּערזאָנען פון מיין פּיעסע—מיט וועלכע איך וועל אייך, מיינע ליבע לעזער, באַלד באַקענען, און וועלכע, איך האָף, וועלן ווערן אויך אייערע פריינד, זיינען ד ע ר ו ו אַ כ ט צ ו ם ל ע ב ן!

ז י י ל ע ב ן א ו ן ו ו ע ל ן ל ע ב ן!

א טייל גייט נאָך ארץ ישראל, און, אלס חלוצים, בויען א נ י י ע ם לעבן, אַף נ י י ע יסודות.

פילע גייען אין אַנדערע לענדער, אָנצוהויבן א נ י י ע ם האָרעפּאַשנעם לעבן

און אַנדערע בלייבן אין דייטשלאַנד, קעמפן פאַר אַ בעסערע צוקונפט פאַר אַלע מענטשן, פאַר דאָס אידיש פאָלק. עס בלייבן דאָרט מענטשן, וועלכע טראָגן מיט שטאָלץ די געלע לאַטע . . .

פון דער טיפקייט פון אונזער האַרצן ווינטשן מיר זיי:
ג ע ב ע נ ט ש ט ז אָ ל ן ז י י ן א י י ע ר ע ה ע נ ט,
ג ע ש ט אַ ר ק ט — א י י ע ר ע כ ח ו ת,
ג ע ק ר ע פ ט י ק ט — א י י ע ר ג י י ס ט!

און צו די פון אונזערע פריינד, וועלכע שמאַכטן אין די דייטשע טורמעס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, און צו די, וועלכע טראָגן זיך איבער אַלע וואַסערן פון דער וועלט,

איבער פעלדער און וועלדער, טאָלן און בערג, זוכנדיק אַ אָרט פאַר׳ן אויסגעמאַטערטן קערפּער און געפּייניקטן גייסט, שיקן מיר זיי אונזער טיפן גלויבן און באַגייס־טערטן וואונטש:

די שוואַרצע נאַכט, ווי לאַנג זי זאָל ניט זיין, גייט אוועק.
עס קומט אַ ליכטיקער מאָרגן . . .

די ערשטע שטראַלן, די אַנזאָגער פון דעם זונען־אויפגאַנג,
זיינען שוין דאָ . . .

קאָפּ הויך!

באַרים קאָדער

פּ. ס.

אַ פּאָר ווערטער וועגן זיך זעלבסט:

איך האָב פילע יאָרן געלעבט אין דייטשלאנד און כמעט 5 יאָר אונטער דעם נאַצי־רעזשים. איך האָב דאָרט געטיילט דעם שווערן גורל מיט מיינע אַנדערע שיקזאַל־חברים.

די דאָזיקע פּיעסע האָב איך געשריבן מיט בלוט פון מיין האַרצן. דאַריבער, האָף איך,וועט זי געפינען דעם נאָהנסטן וועג צו דעם לעזערס האַרצן.

ב. ק.

שיקאַגאָ, איל., אווגוסט 10טער, 1939.

מיט ליבע און טיפן ווייטאָג
געווידמעט צו מײנע פריינד
אין דייטשלאַנד, וועלכע טראָגן
מיט שטאָלץ די געלע לאַטע...

## פערזאָנען:

פראַנץ לעווענטאַל, אַדוואָקאַט — — — — — — — — — — — — 55 יאָר
מאַרטאַ, זיין פרוי — — — — — — — — — — — — — — — 48 "
ווערנער, זייער זון, אוניווערסיטעט סטודענט — — — — — — 22 "
גרעטע, זייער טאָכטער, אוניווערסיטעט סטודענטין — — — 20 "
האַנס, זייער זון, שילער פון רעאַל־שול — — — — — — 18 "
קאָנסטאַנצע, זייער טאָכטער — — — — — — — — — — 27 "
לאָרע, פראַנץ לעווענטאַלס פלימעניצע, אוניווערסיטעט סטודענטין 20 "
קורט, ווערנער'ס אַ חבר — — — — — — — — — — — 23 "
עריך, האַנס'עס אַ חבר — — — — — — — — — — — — 18 "
טרודע, גרעטע'ס אַ חבר'טע — — — — — — — — — — 21 "
אדאלף, אַ פריינט פון די לעווענטאַלס — — — — — — — 28 "
אבער־קאָנטאָר, חזן און לערער — — — — — — — — — 35 "
לאָטע, דינערין ביי די לעווענטאַלס — — — — — — — — 32 "
נאַצים אין ברוינער אוניפאָרם.

אָרט פון דער האַנדלונג — דייטשלאַנד.

צייט פון דער האַנדלונג:

ערשטער אקט — ווינטער, 1932, עטליכע וואָכן איידער די נאַצי האָבן איבערגענומען די מאַכט אין דייטשלאַנד.

צווייטער אקט — חנוכה, 1933

דריטער אקט — אין שפעטערדיקע יאָרן.

# ערשטער אַקט

אַ רייך־מעבלירט צימער ביי דעם אַדוואָקאַט פראַנץ לעווענטאַל. עס שטייט אַ גרויסער באַפּוצטער ווייַנאַכטס־בוים (קריסטמעס־טרי). פראַנץ לעווענטאַל און זיין פרוי דרייען זיך אַרום דעם בוים, באַשעפטיקן זיך מיט די קליינע זאַכן, וועלכע הענגען אויף דעם דעקאָרירטן בוים, קוקן אויף די מתנות, וועלכע זיי האָבן צוגעגרייט פאַר די קינדער. אין דעם צימער שטייט אַ שיין־געדעקטער טיש צום יום־טוב מאָלצייט. די ראַדיאָ אָדער אַ רעקאָרד שפּילט „שטילע נאַכט, הייליקע נאַכט".

(פראַנץ לעווענטאַל און זיין פרוי מאַרטאַ)

**פראַנץ:**

דו געדענקסט, מאַרטאַ, ווי מיט דרייסיק יאָר צוריק אינם היינטיקן הייליקן אָוונט האָסטו מיר געגעבן דעם ערשטן קוש?

**מאַרטאַ:**

דו האָסט, מיין ליבער, אַ שלעכטן זכרון. דעם ערשטן קוש האָסט דו מיר געגעבן, ניט איך דיר.

**פראַנץ:**

אַ וויכטיקייט, ווער ווֹעמען האָט געגעבן דעם ערשטן קוש. די הויפּט־זאַך — מיר האָבן זיך געקושט.

**מאַרטאַ:**

און געטרוימט. דרייסיק יאָר זיינען שוין פאַרביי. שרעקלעך!

**פראַנץ:**

צוליב די טאָג־טעגלעכע זאָרגן, האָווענייש און יאָגעניש, פאַרגעסט מען די וויכטיקסטע פּאַסירונגען פון פערזענלעכן לעבן. קומט אָבער אַ יום־טוב, דערמאָנט מען זיך און מ'מאַכט אַ באַלאַנס, וועלכער...

מאַרטאַ:

שטימט ניט, ווילסטו זאָגן, פראַנץ?

פראַנץ:

ניין, ניט נאָר דאָס. פאַרשטייסטו, מאַרטאַ, מ׳קוקט זיך אַרום און מ׳זעט, אַז אַלץ ליגט צוריק, הינטער דיר, אין דער פאַרגאַנגענהייט... פאַרביי... אַלץ איז פאַרביי...

מאַרטאַ:

יע, דאָס לעבן שטייט ניט אויף איין אָרט. עס גייט מיט שנעלע טריט.

פראַנץ:

קענסט זיך דערמאָנען: אונזער פאַרלאָבונג, אונזער חתונה, אונזער האָכצייט־רייזע... אָט, דאַכט זיך, נעכטן איז דאָס געווען. אין אמת׳ן אָבער זיינען שוין דרייסיק יאָר איבערגעלאָפן... דרייסיק יאָר!... (זיפצט)

מאַרטאַ:

וואָס זיפצסטו, פראַנץ! מיר זיינען גאָט צו דאַנקען געזונט, רייך, און האָבן גוטע קינדער.

פראַנץ:

יע, קוק אָבער מיך אָן, און קוק זיך אָן. מיר זיינען אַלט געוואָרן. די קינדער... וויפיל טרערן האָסטו פאַרגאָסן, וויפיל נעכט האָבן מיר ניט דערשלאָפן, ביז מיר האָבן זיי אויפגעהאָדעוועט, אויף די פיס אַוועקגעשטעלט. און איצט .. וויפיל זאָרגן פאַרשאַפן זיי אונז איצט! קאָנסטאַנצע, ווערנער... (פון נעבן־צימער הערט מען, ווי מ׳שפּילט אויף אַ פידל אַ אידיש ליד)

דו הערסט, מאַרטאַ, ווידער אַ אידיש ליד! דער בחור איז ווירקלעך משוגע.

מאַרטאַ:

וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו די קינדער? קאָנסטאַנצע איז

א פיינער, גייסטרייכער, ענערגישער מענטש, און שיין איז זי ווי די זון. זי וועט שוין איר וועג אין לעבן געפינען.

פראַנץ:

דו ביזט דאָך שטענדיק דער אַדוואָקאַט. מיט וואָס ווערסטו אָבער ווערנער'ן פאַרטיידיקן? זעט מען אים ווען אינדערהיים? שטענדיק פאַרנומען... שטענדיק באַשעפטיקט מיט אידישע (אידראַניש) זאַכן. חלוצים, ציוניזם; אַ גאַנצער רעדל־פירער!

מאַרטאַ:

שטאָלץ מוזן מיר זיין מיט ווערנער'ן! זע נאָר, ווי אַלע זיינע חברים פאַרערן אים, מיט וואָס פאַר אַ רעספּעקט אַלע באַציען זיך צו אים. וואָס פאַר אַ שיינעם נאָמען ער האָט! פראַנץ, איך בעט דיך: לאָז אים גיין זיין וועג!

פראַנץ:

דו קענסט זאָגן וואָס דו ווילסט. דער בחור מאַכט מיך נערוועז. שטענדיק שפּילט ער פרעמדע לידער. איין וואָרט האָט ער נאָר אויף זיינע ליפּן: אידן, אידנטום, אָט טאַקע ווי אויף דער וועלט זיינען ניטאָ קיין אַנדערע פּראָבלעמען. איך פאַרשטיי ווערנער'ן איבערהויפּט ניט. איך וואָלט בלויז וועלן וויסן, וואָס טוט זיך ביי אים אין קאָפּ!

מאַרטאַ:

וואָס ווילסטו אייגנטלעך, פראַנץ? מיר זיינען דאָך אידן! זאָל ער גלויבן אין זיין זאַך.

פראַנץ:

אידן. גוט. וואָס וויל ער אָבער נאָך פון אונז? מיר גייען דאָך דריי מאָל אין טעמפּל צו די הייליקע פייערטעג, ראש־השנה און יום־כפור. מיר גיבן אויך גענוג געלט אויף די אידישע וואָלטעטיקע זאַכן. וואָס נאָך דען? אָבער שטענדיק איז ער דאָ מיט זיין אידנטום! ביי יעדער געלעגנהייט קומט ער מיט זיינע אידן.

איך מוז דיר זאָגן, מאַרטאַ, ער רייצט מיך דערמיט. אידנטום... דאָס פאַרשטיי איך ניט, און — וויל עס ניט פאַרשטיין! מיר זיינען דייטשן... אין דייטשלאַנד געבאָרן, דייטשלאַנד איז אונזער פאַטערלאַנד! (שטעלט זיך געגן זיין פרוי און זינגט אונטער):

„נור אָם רהיין דאַ מעכטע איך לעבען,
נור אָם רהיין געבאָרען זיין,
וואָ די בערגע טראָגען רעבען,
און די רעבען גאָלדנען וויין".

מאַרטאַ:

(לייגט אירע ביידע הענט אויף זיינע אַקסלען) דו האָסט רעכט, מיין ליבער! וואָס ווילסטו אָבער פון ווערנער'ן? איך האָב דיר שוין אַ סך מאָל געזאָגט: לאָז אים צורו! דו מוזט מיך שטענדיק ערגערן? קיין אַנדער צייט האָסטו ניט געפונען, ווי איצט, אין הייליק־אָוונט! מיר האָבן וויכטיקערע זאַכן, וועגן וועלכע מיר מוזן זיך דורכריידן. וואָס זאָגסטו, פראַנץ, צו דער בלוזקע? איך האָף, אַז גרעטל וועט צופרידן זיין. אויך האָנס'ן וועט זיין מתנה פיל פרייד פאַרשאַפן. וואָס טוט מען אָבער מיט ווערנער'ן?

פראַנץ:

זעסטו? וואָס האָב איך דיר פריער געזאָגט? שוין ווידער ווערנער! דער בחור מאַכט אונז שטענדיק זאָרגן! טו נאָר אַ קוק: האָנס און גרעטל זיינען גאָר אַנדערע קינדער!

מאַרטאַ:

אַלע זיינען ביי מיר, גאָט צו דאַנקען, גוטע קינדער. אַלע זיינען זיי ביי מיר טייער.

פראַנץ:

אויך מיר זיינען זיי אַלע טייער. אָבער ווערנער!... קענסט זאָגן וואָס דו ווילסט!

מאַרטאַ:

(באַזאָרגט) וואָס טוט מען אָבער מיט דער מתנה, וואָס מיר האָבן פאַר אים געקויפט?

פראַניץ:

זאָרג זיך ניט, מאַרטאַ, ווען עס האנדלט זיך וועגן נעמען אַ מתנה, זיי זיכער, אַז ער וועט שוין קומען.

מאַרטאַ:

דו מאַכסט אַ גרויסן טעות! דו קענסט ניט דיין זון! אַ שיינער טאַטע ביזטו! (קוקט אויפן זייגער) שוין צייט די קינדער זאָלן דאָ זיין. (קלינגט)

(די דינערין לאָטע קומט אַריין)

לאָטע:

גוטן אָוונט, גנעדיקע פרוי! גוטן אוונט, גנעדיקער הער! וואָס ווינטשט די גנעדיקע פרוי?

פראַניץ און מאַרטאַ:

גוטן אָוונט, לאָטע! זייט אַזוי גוט, רופט אריין די קינדער.

לאָטע:

פריילין גרעטל איז געגאַנגען נאָך פריילין לאָרע. זיי וועלן דאָ באַלד זיין. זאָל איך רופן די יונגע הערן?

מאַרטאַ:

ביטע!

(לאָטע אָפּ. פראַניץ און מאַרטאַ באַשעפטיקן זיך ווייטער מיט די מתנות)

(האַנס קומט אַריין)

האַנס:

גוטן אוונט, פאָטער! גוטן אוונט, מוטער! פראַעם פעסט!

פראַנץ:

פראַעם פעסט, מיין זון! פאַר דיר האָב איך אַ שיינע מתּנה.

מאַרטאַ:

איך אויך, מיין קינד!

האַנס:

איך בין זייער נייגעריק!

פראַנץ:

וואַרט ביז אַלע וועלן קומען. האָב געדולד!

(גרעטע און לאָרע קומען אַריין מיט פּאַקעטן און בלומען אין די הענט)

גרעטע, לאָרע:

גוטן אָוונט! אַ! ווי וואונדערבאַר זעט אויס דער בוים!

פראַנץ:

גוטן אָוונט, מיינע דאַמען! וואָס עפּעס אַזוי שפּעט? וואו איז קורט?

לאָרע:

ער קומט באַלד.

גרעטע:

(אויפגערעגט) אַך, וואָס עס טוט זיך אין גאַס. די שטורם־קאָלאָנען מאַרשירן מיט זייערע פאָנען. און זייערע לידער. „ווען דאָס יודענבלוט פון מעסער שפּריצט". שרעקלעך!

פראַנץ:

(אויפגערעגט) שווייג, גרעטע. איך קאָן דאָס מער ניט הערן. (צו מאַרטאַ'ן) קלינג, איך בעט דיך. זאָל לאָטע קומען. (מאַרטאַ קלינגט, לאָטע קומט אַריין)

לאָטע:

ביטע, גנעדיקע פרוי!

**מאַרטאַ:**

(גיט איר אַ פּאַקעט, אין וועלכן עס ליגט אַ קלייד) דאָס איז פאַר איך, לאָטע, פון מיין מאַן און פון מיר. מיר ווינטשן איך פריילעכע ווייניאַכטן! (אַלע גיבן איר די האַנט, באַגריסן זי. אויך גרעטל, לאָרע, האַנס גיבן איר זייערע מתנות)

**לאָטע:**

(באַגייסטערט) אַך, וואָס פאַר אַ שיינע קלייד! וואונדערבאַר! אַ גרויסן דאַנק איך, מיינע הערשאַפטן, פאַר אייער אויפמערק־זאַמקייט! איך ווינטש איך אַלעמען פריילעכע ווייניאַכטן!
(לאָטע אָפּ)

**פראַנץ:**

וואו איז ווערנער? (צו האַנס'ן) גיי, האַנס, ברענג אים. (האַנס אָפּ)
(צו גרעטע'ן) נו, גרעטע, האָסטו אַ שיינע מתנה פאַר דער מוטער?

**גרעטע:**

(אַביסל אַנגעבלאָזן) אָבער, פאָטער, דו פאַרשעמסט מיך. וועגן אַזעלכע זאַכן פרעגט מען דאָך ניט!

**לאָרע:**

וואונדערבאַרע מתנות האָבן מיר פאַר דער טאַנטע און פאַר דיר, אָנקל פראַנץ.
(האַנס קומט אַריין)

**האַנס:**

(מיט אַן אומצופרידענער, פאַרדריסלעכער מינע) ווערנער וויל ניט פייערן הייַנטיקן אָוונט. ער זאָגט, אַז ווייניאַכטן איז ניט אונזער אידישער יום־טוב. אונזער יום־טוב, זאָגט ער, איז חנוכה.

**פראַנץ:**

(צו מאַרטאַ'ן, ערגערלעך, צאָרנדיק) נו, וואָס זאָגסטו איצט! אַ שיינעם בחור האָבן מיר אויסגעהאָדעוועט. קיין רעספּעקט פאַר

עלטערן! (איראָניש) דיין ווערנער! דו ביזט דאָך שטענדיק זיין אדוואָקאַט. פּאַרטיידיק אים! וואָס שווייגסטו? (דריקט האַנס׳עס קאָפּ צו זיין ברוסט) דאָס איז אַ יונג!

מאַרטאַ:

איך האָב דיר פריער געזאָגט, אַז ווערנער וועט אונזערע ווייַנאַכט־מתנות ניט אָננעמען. דו האָסט מיר ניט געוואָלט גלויבן. אַט זעסטו? ווערנער מאַכט ניט קיין קאָמפּראָמיסן.

פראַנץ:

זאָל ער בלייבן אַליין אין זיין צימער.

גרעטע:

פּיליכט זאָל לאָרע גיין צו ווערנער׳ן און רופן אים. איך גלויב, אַז לאָרע׳ן וועט ער ניט אָפּזאָגן.

פראַנץ:

(צו לאָרע׳ן) גיי, לאָרע, ברענג אים אַהערצו. דיין (עטוואָס איראָניש) ווערנער! (לאָרע ווערט אַביסל רויט, פאַרלעגן, גייט אָפּ) אַ וואונדערבאַר מיידל איז לאָרע! חיין פּלימעניצע! אָבער ווערנער!

גרעטע:

יע, לאָרע איז אַ וואונדערבאַרער מענטש. זי באַזיצט זעלטענע אייגנשאַפטן. זי איז מיין בעסטע פריינדין. זי ליבט ווערנער׳ן.

האַנס:

לאָרע איז דאָך אַזוי שיין! ניט אומזיסט ליבט זי ווערנער!

מאַרטאַ:

שווייג! דאָס איז ניט דיין זאַך. דו ביזט נאָך אַ קליין אינגל.

פראַנץ:

(צו האַנס׳ן) פון וואַנען ווייסטו דאָס?

האַנס:

דאָס זעט מען דאָך. איך פריי זיך זייער. איך האָב זיי ביידן ליב!

גרעטע:

זיי זיינען אַ גלייכע פּאָר. ביידע שיין, אידעאַל!

פראַנץ:

(ברומט אונטער ניט צופרידן) וואו בלייבט ער דאָרט, דער בחור?
ער צעשטערט דעם גאַנצן יום־טוב!
(לאָרע קומט אַריין)

לאָרע:

(אַנטוישט) ווערנער וויל ניט אונטערן ווייַנאַכט־בוים מיט אונז צוזאַמען זיין.

פראַנץ:

(צו מאַרטאַ'ן) דו הערסט, מאַרטאַ? אים פּאַסט ניט מיט אונז היינט צוזאַמען זיין. (צו לאָרע'ן) אויך דיך ניט געפעלגט!

לאָרע:

איך פאַרשטיי זיין האַנדלונג גאַנץ גוט.

פראַנץ:

גוט. (ער פאַרטיילט די מתנות; די אַנדערע גיבן זיך אויך איינע די אַנדערע מתנות. מ'ווינטשט זיך איינע די אַנדערע גוט יום־טוב; אַ פריילעכע, יום־טוב'דיקע שטימונג)

האַנס:

(צו לאָרע'ן און גרעטע'ן) אַט האָט איר מיינע מתנות! איר אָבער זייט גייציק, קאַרג: איר האָט מיך פאַרגעסן. נו, וואַרט! איך וועט שוין זען!... (באַווייזט זיי אַ פויסט)

מאַרטאַ:

(צו האַנס'ן) שעם זיך, דו גרויסער בחור!

האַנס:

איך קלער אפילו ניט צו שעמען זיך. אַ גאַנץ יאָר האָב איך געשפּאָרט און געזאַמעלט אַ גראָשן צו אַ גראָשן, כדי צו קויפן מתנות צו ווייַנאַכטן פאַר גרעטע׳ן און לאָרע׳ן, און זיי, די גענז...

פראַנץ:

האַלט דאָס מויל, האַנס! פע, דאָס האָב איך פון דיר ניט דער־וואַרטעט! אַ שיינער קאַוואַליער ביזטו!

גרעטע:

(מיט אַ לייכטן געלעכטער) נאָ, נאַרישער אינגל, אַט האָסטו דיינע מתנות.

לאָרע:

מיר, ווי דו זעסט, האָבן דיך ניט פאַרגעסן. מיר האָבן געוואָלט דיך אויספּרובירן. האָסטו זיך באַנומען ווי אַן אייזל. (ציייגט די לאַנגע אויערן פון אַן אייזל. אַלע לאַכן)

האַנס:

(צו גרעטל און לאָרע׳ן, איראַניש)אַ קלייניקייט, גרויסע דאַמען זיינט איר מיר געוואָרן! מ׳טאָר זיך גאָרניט דערלויבן אַ שפּאַס! (באַטראַכט די מתנות מיט באַגייסטערונג) אַ, וואָס פאַר אַ פיינע מתנות! אַ שיינעם דאַנק אייך, (נעמט זיי אַרום) מיינע ליבע, ליבע גענז!

לאָרע, גרעטע:

(אין דעם זעלבן טאָן) אונזער ליבער, ליבער אייזל!

מאַרטאַ:

(מיט אַ צופרידענעם שמייכל) שיינע קאָמפּלימענטן, קינדערלעך!

(אַלע לאַכן)

(קורט קומט אריין)

קורט:

גוטן אוונט, פרוי לעוועגטאַל! גוטן אוונט, הער לעוועגטאַל! גוטן אוונט, לאָרע, האַנס! (גייט צו צו גרעטע'ן, דריקט איר די האַנט, קוקט אויף איר מיט ליבע און צערטלעכקייט, דרייט זיך אום און פרעגט) וואו איז ווערנער?

פראַנץ:

(מעפיסטאָפעליש) ווערנער?... פון אייער באַנדע!

קורט:

וואָס מיינט איר מיט אייערע ווערטער, הער לעוועגטאַל?!

פראַנץ:

(איראָניש) נו, מאַכט זיך ניט אומשולדיק ווי אַן עופעלע, און האַלט אונז ניט פאַר קיין נאַראָנים!

קורט:

(נייגעריק) ווי אַזוי? איך פאַרשטיי אייך ניט, הער לעוועגטאַל!

פראַנץ:

(פאַרביסן די ליפּן, איראָניש) אייך פּאַסט דאָך ניט מיט אונז צו פייערן ווייַנאַכטן! איר זייט דאָך ציוניסטן! חלוצים...

קורט:

ניין, הער לעוועגטאַל, דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן פּאַסן און ניט פּאַסן. די פראַגע איז אַ פיל ערנסטערע. ווייַנאַכטן, אייגמאָל פאַר אַלעמאָל, איז ניט אונזער אידישער יום־טוב! מיר זיינען אידן! אונזער יום־טוב איז חנוכה!

לאָרע:

דאָס זיינען אויך ווערנער'ס ווערטער.

מאַרטאַ:

מיר טוט וויי דאָס האַרץ, וואָס ווערנער זיצט איינער אַליין אין זיין צימער. איך גיי צו אים. פיליכט וועט ער צוליב מיר אַריינ־קומען.

פראַנץ:

גראַדע היינט, הייליק אוונט, האָט ער זיך איינגעשפּאַרט. שרעק־לעך! (צו מאַרטאַ'ן) גוט! גיי, אויב דו ווילסט! ברענג אים! איך וואָלט דאָס ניט געטאָן.

לאָרע:

אומזיסט דיין טרחה, ליבע טאַנטע! ווערנער וועט ניט אַריינ־קומען. נאָר איין זאַך קען העלפן.

אַלע:

(נייגעריק) וואָס? וואָס?

לאָרע:

(צו פראַנץ'ן און מאַרטאַ'ן) ווערנער וועט נאָר דעמאָלט אַריינקומען צו אונז, ווען איר וועט אים צוזאָגן, אַז איר וועט מער ניט פייערן ווייַנאַכטן, נאָר חנוכה.

פראַנץ:

(ערגערלעך, באַליידיקנד, איראָניש) חנוכה... חנוכה... וואָס זיינען דאָס פאַר נייעסן, און וואָס איז דאָס פאַר שטעלן באַ־דינגונגען? דער בחור איז געוואָרן חוצפּה'דיק! אומעטום שטעקט ער זיין נאָז און אומעטום טראָגט ער זיך אַרום מיט זיין אידנטום... אידן... ווייס ער דען ניט, אַז מיר זיינען דאָ פאַרוואָרצלט, און אונזער שטאַם־בוים טראָגט זיינע פרוכט מער ווי 350 יאָר! 350 יאָר וואוינען מיר דאָ! דייטשלאַנד איז אונזער פאָטערלאַנד, און מיר פייערן שטענדיק ווייַנאַכטן. ברומט דאָס ליד):

„נור אַם רהיין דאַ מעכטע איך לעבען,
נור אַם רהיין געבאָרען זיין,
וואָ די בערגע טראַגען רעבען,
און די רעבען גאָלדנען וויין".

מאַרטאַ:

(צו לאָרע'ן) פונדעסטוועגן, לאָרע, וועל איך גיין צו ווערנער'ן. פיליכט פאָלגט ער מיר. פאָרט אַ מאַמע!

האַנס:

(צו פראַנץ'ן) פאַטער! דו ווייסט דאָך, אַז מיינע געדאַנקען זיינען אַנדערש ווי ביי ווערנער'ן. איך גיי דאָך אין דיינע וועגן. (פראַנץ קלאַפּט אים אויף די אַקסלען און קוקט אים אָן מיט צופרידנקייט) לאָמיר ווערנער'ן טאָן די געפעליקייט, און לאָמיר אים צוליב פייערן חנוכה. זאָל ער נאָר מיט אונז צוזאַמען זיין. איך ליב אים זייער! ער איז אַ גוטער בחור! איך בין שטאָלץ אויף מיין ברודער!

פראַנץ:

וואָס זאָגט איר צו ווערנער'ס נייעם אַדוואָקאַט?

גרעטע:

איך בעט דיך, פאַטער. האַנס האָט רעכט. טו אַזוי, ווי האַנס האָט געזאָגט.

פראַנץ:

אַלע, אַלע זיינט איר געוואָרן ווערנער'ס אַדוואָקאַטן. וואָס זאָגסטו, מאַרטאַ? דו וועסט האָבן אַרבעט! אַ נייער יום־טוב — חנוכה! קאָמיש!

מאַרטאַ:

זאָל דאָס זיין די איינציקע זאָרג! ווען די קינדער ווילן,— מיט פאַרגעניגן!

פראַנץ:

(צו קורט'ן, פריילעך, איראָניש) ווען איז איינגנטלעך אייער חנוכה? האָב איך דאָס ריכטיק אַרויסגערעדט?

קורט:

(צו פראַנץ׳ן) זייער גוט, הער לעווענטאַל, האָט איר דאָס וואָרט אַרויסגערעדט. אַ ראַבינער וועט בעסער ניט אַרויסריידן.

פראַנץ:

(קלאַפּט גוט־ברודעריש קורט׳ן אין דער פּלייצע) נו, זאָגט דאָך שוין, ווען איז אונזער (איראַניש) חנוכה?

האַנס:

דאָס וועט אונז ווערנער זאָגן. ער וויים אַלץ. זאָל איך ווערנער׳ן אָנזאָגן אונזער באַשלוס און ברענגען אים אַהערצו?

פראַנץ:

(צו האַנס׳ן) וואָס פרעגסטו? געוויס! ברענג אים גיכער! (שמייכלט) זאָל שוין נעמען אַ סוף! (האַנס אָפּ)

קורט:

(צו פראַנץ׳ן) דאָס איז זייער פיין פון אייך, הער לעווענטאַל. דאָס האָב איך אייגנטלעך פון אייך דערוואַרטעט. איר האָט אַ אידיש האַרץ, הער לעווענטאַל! (פראַנץ נעמט אים אַרום, גיט אים מיט ליבשאַפט אַ לייכטן פּאַטש אין געזיכט)

מאַרטאַ:

דאָס איז ליב פון דיר, פראַנץ.

לאָרע, גרעטע:

(צו פראַנץ׳ן, נעמען אים אַרום) אָנקל, פּאַטער, דו האָסט שיין געהאַנדלט. דו ביזט אַ וואונדערבאַרער מענטש!

פראַנץ:

איך בין דאָך אַ לעווענטאַל! (אַלע גליקלעך, צופרידן)
(האַנס קומט אַריין מיט ווערנער׳ן)

ווערנער:

גוטן אָוונט, פּאַטער! גוטן אָוונט, מוטער! גוטן אָוונט, אַלע!

פראַנץ:

גוטן אוונט דיר, מיין זון! הממ... הממ... דו וואַרטסט, ווערנער, אויף ספּעציעלע איינלאַדונגען! אינגל, אינגל!

ווערנער:

איז דאָס דען ניט שיין, פֿאָטער!

פראַנץ:

גיי און נעם די מתנה פון מיר!

מאַרטאַ:

און פון מיר, מיין קינד!

ווערנער:

איך דאַנק אייך זייער, פֿאָטער און מוטער! ווען מיר וועלן פייערן חנוכה, וועל איך מיט פאַרגעניגן אָננעמען אייערע פּרעזענטן, אַלס חנוכה—מתנות. פֿאַר דיר פֿאָטער, און פֿאַר דיר מוטער, האָב איך שוין אָנגעגרייט שיינע מתנות אויף חנוכה.

האַנס:

(צו ווערנער'ן) וואָס פֿאַר אַ מתנות האָסטו צוגעגרייט, ווערנער? זאָג מיר!

ווערנער:

(צו האַנס'ן) זיי ניט אַזוי נייגעריק, האַנסל! דיך האָב איך אויך ניט פאַרגעסן. זיי רואיק! (צו אַלעמען) איר אַלע, מיינע פריינד, וואַרט נאָר אויף דעם טאָג. איר וועט שוין זען.

האַנס:

(צו ווערנער'ן) איך דאַנק דיר, ווערנער! דו ביזט אַ יאָט! איך האָב דיך זייער ליב!

ווערנער:

אויך איך האָב דיך ליב. דו ביזט אַ גוטער יאָטל, אפילו ווען דו האָסט פאַרבלאָנדזשעט... גוט... מיר וועלן שוין זען!

פראַנץ:

(צו ווערנער'ן) עס ווייזט אויס, אַז דו האָסט בדעה מאַכן האַנס'ן פאַר אַ ציוניסט!

קורט:

(צו פראַנץ'ן) נייז, הער לעווענטאַל! עס איז ניט אונזער אויפגאַבע צו מאַכן ציוניסטן.

ווערנער:

ריכטיק. זאָל האַנסל נאָר זיין אַ איד!

האַנס:

(צו קורט'ן) ווען אפילו איר וועט וועלן אויסקנעטן פון מיר אַ ציוניסט, וועט עס אייך ניט געלונגען. מיין שטאַנדפּונקט איז פעסט. איך בין אַ דייטש! (דעקלאַמירט):

„ערשטע טריט, געפירט פון מוטערס האַנט,
האָב איך אויף ד י י ן באָדן געשטעלט.
דייטשלאַנד! ד ו האָסט אין מיין קינדערשן מויל
די קלאַנגען, די ערשטע, צעהעלט.
דיין הימל, דעם טיפן, צוערשט כ'האָב דערזען —
דעם ערשטן געלעכטער געלאַכט.
און האָב איך פאַרגאָסן מיין ערשט — וואָרעם טרער,
האָט ליד דיינס מיר טרייסטן געבראַכט"!

פראַנץ:

בראַוואָ, בראַוואָ, מיין יונג!

לאָרע:

(צו האַנס'ן) איך האָב גאָר ניט געוואוסט, אַז דו ביזט אַ פּאָעט!

האַנס:

(צו לאָרע'ן) לײדער איז דאָס ניט מיין ליד. עס איז אויך ניט וויכטיק, ווער עס האָט דאָס פאַרפאַסט. די הויפּט זאַך — די ווערטער זיינען מיר איינגעבאַקן אין האַרצן.

ווערנער:

האנס איז ערלעך. ער זאָגט נאָר דאָס, וואָס ער פילט. די צייט וועט אים לערנען... גוט... וואָס טוען מיר איצט?

לאָרע:

(צו ווערנער'ן) שפּיל, ווערנער, דאָס נייע ליד, וואָס דו האָסט איינגעשטודירט.

פראַנץ:

(צו ווערנער'ן) אַ אידיש, מסתמא?

ווערנער:

יע, פאָטער! אַ וואונדערבאַר אידיש ליד. דו וועסט הנאה האָבן. איך גיי אין מיין צימער און ברענג מיין פידל און די נאָטן. (אָפּ)

מאַרטאַ:

אַ טייער קינד איז ווערנער! איך בין שטאָלץ מיט אים!

גרעטע, לאָרע, קורט, האַנס:

אויך מיר זיינען שטאָלץ!

האַנס:

(צו מאַרטאַ'ן) און וואָס בין איך פאַר אַ קינד, מוטער?

מאַרטאַ:

(צו האַנס'ן, מיט ליבע) אַ גרויסער שגץ ביזטו, האַנסל! (אַלע לאַכן) דו ביזט מיר אָבער ליב.

האַנס:

(אַנגעבלאָזן, באַליידיקט, צו מאַרטאַ'ן) איך דאַנק דיר, מוטער! (צו פראַנץ'ן) און וואָס זאָגסטו, פאָטער?

פראַנץ:

(צו האַנס'ן) אַלע זיינט איר אונז ליב, מיט אייערע מעלות און מיט אייערע חסרונות!

מאַרטאַ:

(גייט צו צו איר מאַן, נעמט אים אַרום, קושט אים) דו האָסט גוט געזאָגט, פראַנץ!

פראַנץ:

מאַרטאַ, דו ביזט שוין ווידער דאָ מיט דיין קושעניש, אַט ווי דאַמאָלסט, מיט 30 יאָר צוריק, אינם היינטיקן הייליקן אָוונט!

מאַרטאַ:

(רויט געוואָרן, שעמעוודיק) שעמסט זיך ניט דאָס צו זאָגן, פראַנץ! אין דער אַנוועזנהייט פון די קינדער!

האַנס, גרעטע:

(צו די עלטערן, נעמען זיי אַרום) שעמט זיך ניט, קושט זיך געזונטערהייט! (האַנס ברענגט זיי צוזאַמען)

(ווערנער קומט אַריין מיט׳ן פידל)

ווערנער:

(צופרידן) וואָס איז דאָס פאַר אַ ליבעס־סצענע?

אַלע:

(צו ווערנער׳ן) גיב, ווערנער, דעם פאָטער אַ קוש. ער האָט דאָס כשר פאַרדינט!

ווערנער:

(גייט צום פאָטער, קושט אים) אָט האָסטו, פאָטער, דיין כשר־פאַרדינטן קוש.

פראַנץ:

(גערירט) אַ דאַנק דיר, מיין זון! ביזט דאָך מיינער!

ווערנער:

(עטוואָס איראָניש) געווים. אַ לעווענטאַל! (צו אַלעמען) נו, מיינע דאַמען און הערן, איך שפּיל! (שפּילט מיט באַגייסטערונג אַ אידיש ליד)

אַלע:

בראַוואָ, בראַוואָ! (קורט שרייט אויס: הידד!)

פראַנץ:

(צו אַלעמען) און איצט, קינדער, זעצט זיך ביים טיש, און מיר וועלן טרינקען אַ גלאָז וויין. גיסט אָן אייערע בעכערס.

(מאַרטאַ קלינגט. לאָטע קומט אַריין)

לאָטע:

וואָס ווינטשט די גנעדיקע פרוי?

מאַרטאַ:

מיר ווילן, איר זאָלט זיך זעצן ביים טיש.

לאָטע:

(פילט זיך עטוואָס שולדיק) אָבער, גנעדיקע פרוי, איך בין נאָך ניט פאַרטיק מיט מיין אַרבעט!

פראַנץ, מאַרטאַ:

(צו לאָטע'ן) מיר בעטן אייך, לאָטע, קיינע אויסריידן. איר זיינט אונזער גאַסט.

אַלע:

קומט, פריילין לאָטע, מיר בעטן אייך!

לאָטע:

(אין פאַרלעגנהייט) איך דאַנק אייך זייער, מיינע הערשאַפטן!

(זוכט אַ פּלאַץ וואו צו זעצן זיך)

האַנס:

(צו לאָטע'ן) זעצט זיך, פריילין לאָטע, לעבן מיר. איך בין היינט אייער קאַוואַליער! (פאַרנייגט זיך, גיסט אָן אַ בעכער וויין, שטעלט לעבן לאָטע'ן. לאָטע באַדאַנקט אים)

(פראַנץ הויבט זיך אויף פון זיין פּלאַץ; אַלע הויבן זיך אויף און נעמען די בעכערס אין די הענט)

פראַנץ:

(פּאַטעטיש) מיינע דאַמען און הערן! מיט 30 יאָר צוריק, אינם היינטיקן אָוונט, האָט זיך מוטער מיט מיר פאַרלאָבט און מיר דעם ערשטן קוש געגעבן. (צו מאַרטאַ׳ן) דו געדענקסט? (מאַרטאַ ענטפערט מיט אַ שאָקל מיט׳ן קאָפּ) 30 יאָר זיינען פאַרגאַנגען אַט פון דעם דאָזיקן גליקלעכן אָוונט! 30 יאָר זיינען מיר געווען צו דאַנקען פאַרבונדן! 30 יאָר! דאָס איז ניט איין טאָג! איך ווינטש אייך, קינדערלעך, און אייך, פרײַלין לאָטע, אַז איר זאָלט דורכגיין אַזאַ שיינעם לעבנסוועג, ווי מיר גייען. צו מוטער׳ס געזונט, מיינע ליבע! פּראָזיט!

(אַלע טרינקען: פּראָזיט! לחיים! גייען צו צו מאַרטאַ׳ן, שטויסן אָן זייערע בעכערס, קושן זיך מיט איר)

לאָטע:

פיל גליק, גנעדיקע פרוי! (קושט זיך מיט מאַרטאַ׳ן. ערהאָבענע, פייערלעכע שטימונג. האַנס גיסט אָן איין בעכער נאָך דעם צווייטן, שרייט העכער ווי אַלע: פּראָזיט, מוטער! פּראָזיט, פאָטער! פּראָזיט, פרײַלין לאָטע!)

מאַרטאַ:

(גערירט, טרערן שטייען איר אין די אויגן) איך דאַנק דיר זייער, פראַנץ, פאַר דער ליבע, וועלכע דו האָסט מיר אַלע יאָרן גע־שענקט. איך דאַנק אייך, מיינע ליבע קינדערלעך, אויך אייך, לאָטע! אין דער פייערלעכער שטונדע זאָלן מיר אָבער ניט פאַר־געסן אונזער ליב קינד קאָנסטאַנצע, וועלכע איז איצט, ליידער, ניט מיט אונז צוזאַמען.

אַלע:

(גיסן אָן די בעכערס) צו קאָנסטאַנצע׳ס געזונט!

לאָטע:

אָך! פרײַלין קאָנסטאַנצע איז אַ וואונדערבאַרע מיידל!

אַלע:

לעבן זאָל קאָנסטאַנצע!

לאָטע:

מיינע הערשאַפטן! איך דאַנק אייך זייער! דערלויבט מיר איצט צו גיין. איך האָב צופיל געטרונקען. מיר דרייט זיך דער קאָפּ!

האַנס:

(צו לאָטע'ן) איר פאַרלאָזט מיך, מיין דאַמע! נו, ס'איז ניט צו מאַכן. איך דערלויב אייך. (פאַרנייגט זיך פאַר איר ריטערליך) איר מוזט אָבער בלייבן און מיטזינגען מיט אונז אַ וויין־ליד. דאָס וועט אייך אויסניכטערן. (שטעלט זיך אויפ'ן שטול, זינגט און דיריגירט):

„ווער האָט באַשאַפן וואַסער? ווער — דעם וויין?
וואַסער, וויין! גיסט איין!
וואַסער איז געטלעך!
מענטשלעך איז דער וויין!

אַלע:

וואַסער, וויין! גיסט איין!
וואַסער איז געטלעך!
מענטשלעך איז דער וויין!

האַנס:

וואַסער איז מער אַלס וויין.
וואַסער, וויין! גיסט איין!
איך וויל באַשיידן זיין:
איך לויב דאָס וואַסער,
און טרינק אָבער דעם וויין!

אלע:

וואַסער, וויין! גיסט איין!
וואַסער איז געטלעך!
מענטשלעך איז דער וויין"!

בראַווא, בראַווא!

לאָטע:

אך, הער האַנס, אַזאַ טיש־קאַוואַליער האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געהאַט.

האַנס:

(פֿאַרנייגט זיך פֿאַר לאָטע'ן) איך דאַנק אייך! אויך איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהאַט אַזאַ טיש־דאַמע.
(לאָטע שטראַלט פֿון צופֿרידנקייט)

גרעטע:

(צו לאָטע'ן) פֿריילין לאָטע! איך האָב ניט געוואוסט, דאָס איר האָט אַזאַ ברייטע האַרץ. איר זיינט דאָך פֿאַרליבט אין ווערנער'ן, און איצט אויך אין האַנס'ן.

לאָטע:

(רויט געוואָרן) אָבער, פֿריילין גרעטל!
(לויפֿט אַרויס אַ שעמעוודיקע פֿון צימער. דער עולם לאַכט)

ווערנער:

(צו פֿראַנץ'ן) און איצט, פֿאָטער, קוש די מוטער, אַט אַזוי ווי מיט 30 יאָר צוריק. ניט געשעמט זיך!

אלע:

ריכטיק! מיר בעטן!

פֿראַנץ:

נו, קום שוין, אַלטיטשקע, ס'וועט זיך גאָרניט העלפֿן. די קינדער ווילן עס. נו, גיב זשע מיר אַ קוש, אַט ווי דו האָסט מיר דע־

מאַלט, מיט 30 יאָר צוריק, דעם ערשטן קוש געגעבן. (זיי נעמען זיך אַרום) און איצט, קינדערלעך, דערלויב איך אייך, אַז איר זאָלט אַפֿן, ניט געשעמט, זיך געבן היינט איינער דעם אַנדערן דעם ערשטן קוש: לאָרע, ווערנער, קורט, גרעטל, איך בעט אייך, ניט געשעמט זיך!

האַנס:

(צו פראַנץ'ן) זאָרג זיך ניט וועגן זיי, פאַטער! זיי האָבן זיך שוין פריער געקושט, אַז דיין דערלויבעניש!

פראַנץ:

(צו האַנס'ן, ליבלעך) שווייג, דו שגץ! (דרייט אים דעם אויער)

האַנס:

(טרויעריק) וועמען זאָל איך קושן?

(אַלע לאַכן. די יונגעלייט נעמען זיך אַרום, קושן זיך. אַ פרייליכע, הימלישע שטימונג)

ווערנער:

(צו אַלעמען) און איצט שפּיל איך אייך „דאָס ליד דער ליבע". לעבן זאָל די שיינע, הייליקע ליבע! (ער נעמט די פידל, שפּילט מיט באַגייסטערונג. אויף אַלעמענס געזיכטער איז אויסגעגאָסן גליק און צופרידנקייט)

פאָרהאַנג זייער לאַנגזאַם.

# צווייטער אַקט

דאָס זעלבע צימער ווי אין ערשטן אַקט. עס שטייט אַ גרויסע חנוכה־מנורה. דער טיש איז געדעקט מיט כל־טוב. מאַרטאַ, גרעטע, לאָרע, טרודע פּאַרען זיך אַרום טיש. ווערנער שטייט לעבן דער מנורה. פראַנץ לעוועטאַל איז אין געזעלשאַפטס־אַנצוג; אויף זיין ברוסט איז דער אייזערנער קרייץ, וועלכן ער האָט באַקומען אין דער מלחמה. פון זיין גאַנצער האַלטונג איז צו זען, אַז ער איז אין אַ פייערלעכער שטימונג, אויך אַביסל נייגעריק. ער באַטראַכט די מנורה. קורט, האַנס, עריך דרייען זיך אַרום טיש, העלפן די דאַמען, כאַפּן אַ נאַש. אין אַלגעמיין איז די שטימונג אַן ערהאַבענע און אַ נייגעריקע: וואָס וועט ווייטער זיין?

(דער אָבער־קאַנטאָר קומט אַריין)

**ווערנער:**

**אַ, הער אָבער־קאַנטאָר, גוטן אָוונט! עס איז זייער פריינדלעך און פיין פון אייך, וואָס איר האָט אונזער איינלאַדונג אָנגענומען און זיינט געקומען.** (געגנזייטיקע באַגריסונג, אונטערהאַלטונג) (צו פראַנץ'ן) **פאָטער! קענען מיר שוין אָנצינדן די ליכט און צוטרעטן צו דער צערעמאָניע?**

**פראַנץ:**

**היינט ביזטו דאָ דער באַלעבאָס.** (שמייכלענדיק) **דו האָסט דאָך אונז איינגעלאַדן, האָסט דו די דעה.**

**ווערנער:**

**איך דאַנק דיר, פאָטער!** (צום אָבער־קאַנטאָר) **הער אָבער־קאַנטאָר, זייט אַזוי גוט!** (דער אָבער־קאַנטאָר שושקעט אים עפּעס אַריין אין אויער) **מיינע ליבע פריינד! דער הער אָבער־קאַנטאָר וויל זיין אַזוי ליבנסווירדיק אָנצוצינדן די חנוכה־ליכט און זאָגן דאָס חנוכה־געבעט. די הערן מוזן אָבער זיין מיט געדעקטע קעפּ.**

(אַלע הערן גייען אַרויס פון צימער און קומען באַלד צוריק מיט באַדעקטע קעפּ. פראַנץ לעווענטאַל קומט אַריין פייערלעך אין אַ שטייפן הוט)

אָבער־קאַנטאָר:

מיינע דאַמען און הערן! איך צינד אָן די חנוכה־ליכט און מאַך אַ ברכה איבער די ליכט. (אָבער־קאַנטאָר מאַכט די ברכה. ער, ווערנער, קורט און לאָרע זינגען דאָס ליד „הנרות הללו״; די אַנדערע ברומען מיט, אויך פראַנץ לעווענטאַל. ווען די צערעמאָניע איז פאַר־ענדיקט, באַדאַנקען אַלע דעם אָבער־קאַנטאָר. פראַנץ לעווענטאַל דריקט אים פעסט די האַנט)

פראַנץ:

הער אָבער־קאַנטאָר! קען איך זיך דערלויבן און בעטן אייך אַזוי גוט זיין, מיר דערקלערן דעם אינהאַלט און די באַדייטונג פון דעם ליד, וואָס איר האָט אַזוי שיין געזונגען?

אָבער־קאַנטאָר:

מיט פאַרגעניגן! מיר צינדן די דאָזיקע ליכט צום אָנדענק פון די ניסים און די ישועות, וואָס גאָט האָט געטאָן מיט אונזערע עלטערן אין די אַמאָליקע צייטן. אונזערע נשמות זיינען אָפטמאָל געווען איבערגעפילט מיט ליידן. פאַרשיידענע פעלקער האָבן אונז אונטערדריקט און געפּייניקט, אָבער גאָט האָט אונז שטענ־דיק אויסגעלייזט פון זייערע הענט. אין די טעג פון די חשמונאים האָבן זיך די גריכן פאַרנומען קעגן אונז. זיי האָבן צעשמעטערט אונזערע מויערן און פאַראומרייניקט אונזערע הייליקע בוימלען. אָבער פון׳ם לעצטן קריגעלע בוימל איז געשען אַ נס פאַר אונזער פאָלק. מיר זיינען אויסגעלייזט געוואָרן פון אונזערע פיינט. און דערפאַר האָבן אונזערע חכמים באַשטימט די דאָזיקע אַכט טעג חנוכה פאַר געזאַנג און לויב.

פראַנץ:

(דריקט נאָכאַמאָל דעם אָבער־קאַנטאָר׳ס האַנט) וואונדערבאַר! איך דאַנק אייך!

מאַרטאַ:

הער אַבער־קאַנטאָר! קען איך מיר דערלויבן, און בעטן אייך צום טיש? מיינע דאַמען און הערן! איך בעט אייך, פאַרנעמט אייערע פּלעצער! (זי ציינט דעם חזן אַ פּלאַץ אויבן־אָן. אַלע זעצן זיך)

ווערנער:

(צום אָבער־קאַנטאָר) הער אַבער־קאַנטאָר! נעמט, איך בעט אייך, פון דעם וויין. ער איז כשר. די שפּייזן זיינען אויך כשר'ע.

מאַרטאַ:

ספּעציעל פאַר אייך געמאַכט, הער אַבער־קאַנטאָר! (דער חזן פאַרנייגט זיך. מ'עסט, מ'טרינקט, אַלגעמיינע אונטערהאַלטונג. מ'הערט: פּראָזיט! לחיים, הער אָבער־קאַנטאָר!)

פראַניו:

(צו ווערנער'ן) ווערנער, דו ביזט היינט דער באַלעבאָס. דו זעסט, איך האָב זיך ניט געלאָזט אַזוי לאַנג בעטן, (עטוואָס איראָניש) ווי דו צו ווייַנאַכטן. ניט אַלס פאַטער, נאָר אַלס גאַסט, בעט איך דיך: דערקלער אונז די געשיכטע פון חנוכה. וואָס איז דאָס פאַר אַ יום־טוב?

אַלע:

יאַ, יאַ! מיר זיינען נייגעריק!

ווערנער:

מיט פאַרגעניגן! (צו פראַניו'ן) פאָטער, דו ביזט שטענדיק פאַר אמת און אָפנהערציקייט. אַזוי ווי דו האָסט שוין דערמאַנט ווייַנאַכטן, דערלויב מיר היינט צו דערציילן, ווי אַזוי מיר זיינען איבערהויפּט געקומען פייערן דאָס ערשטע מאָל אין אונזער הויז חנוכה.

פראַניו:

ביטע זייער!

ווערנער:

(צו אַלעמען געווענדט) פֿילייכט ווען אַלע געסט אַנטיילנעמען אין אונזער „פֿאַמיליע־דיספּוט"? (שמייכלט) אָפּן, ניט געשעמט זיך, אַלעס וואָס איר דענקט, פֿילט. גוט?

אַלע:

זייער גערן!

מאַרטאַ:

(צו ווערנער'ן) איך בעט דיך אָבער, ווערנער, אַז היציקע דיס־קוסיעס, אַז פּאַרטיי־שטרייטיקייטן! היינט איז דאָך יום־טוב!

ווערנער:

(צו מאַרטאַ'ן) דו קענסט זיין גאַנץ רואיק, ליבע מוטער! שטריי־טיקייטן — זאָל גאָט אָפּהיטן! ווי קומט צו דיר גאָר אַזא גע־דאַנק? מיר ווילן זיך נאָר אַביסל דורכשמועסן, אָפּן און האַרציק.

מאַרטאַ:

(צו ווערנער'ן) אויב אַזוי, בין איך צופֿרידן.

ווערנער:

(הויבט זיך אויף פֿון זיין פּלאַץ. צו אַלעמען געווענדט) איידער מיר וועלן אָנפֿאַנגען אונזער (שמייכלט) „פֿאַמיליע־דיספּוט", וועט אונז אפשר לאָרע דערציילן די געשיכטע פֿון אונזער חנוכה יום־טוב. זי האָט די געשיכטע ניט לאַנג געלערנט ביי אונזער גערטן אָבער־קאַנטאָר.

אָבער־קאַנטאָר:

יע, פֿריילין לאָרע איז מיין בעסטע שילערין. (לאָרע פֿאַרנייגט זיך און באַדאַנקט)

לאָרע:

(הויבט זיך אויף פֿון איר פּלאַץ) מיינע ליבע פֿריינד! ווי איר אַלע ווייסט, בין איך געוואָרן אַ אידין. מיין פֿאַרשטאָרבענער פֿאָטער, (צו פֿראַנץ'ן) דיין ברודער, אָנקל פֿראַנץ, וועלכער וואָלט געקענט

מאַכן אַ גלענצנדע קאַריערע, ווען ער וואָלט זיך געשמד׳ט, האָט דאָס ניט געטאָן און איז געבליבן אַ איד. אונז, זיינע קינדער, האָט ער געמיינט גליקלעך מאַכן און אונזער לעבנסוועג אויסגלייכן, ווען ער וועט אונז באַפרייען פון אונזער אידישקייט. ער האָט אונז אָפּגעשמד׳ט. זיין געדאַנק און זיין ווילן האָבן זיך איין לעבן ארויסגעוויזן — פאַלש! מיין נשמה איז געווען צעשפּליטערט, צעריסן; אין דער שול, אין דער געזעלשאַפט, — אומעטום האַלב און האַלב: ניט קיין אידין, ניט קיין קריסטין. אינערלעך פאַראיינזאַמט. (קליינע פּויזע; צו ווערנער׳ן) ווערנערן, נאָר ווערנער׳ן האָב איך צו פאַרדאַנקען, וואָס איך האָב געפונען דעם וועג צו מיין פאָלק! איך פיל זיך, ווי איך וואָלט אויף דאָס ניי געבוירן געוואָרן! איך בין שטאָלץ און גליקלעך צו דינען מיין פאָלק און אָפּגעבן אים מיין גאַנצע קראַפט! (מאַרטאַ, גרעטע, טרודע קושן זי. דער חזן דריקט איר און ווערנער׳ן די הענט. פראַנץ קלאַפּט איר מיט ליבע אויף די אַקסלען און קושט איר קאָפּ. ביי אַלעמען אַ באַגייסטערטע שטימונג. לאָרע אויפגערעגט, איר קול וויבּרירט) און איצט דערלויבט מיר, מיינע ליבע פריינד, צו דערציילן אייך אונזער חנוכה־געשיכטע. אייגנטלעך וואָלט איך זיך געקענט באַנוגענען מיט עטלעכע ווערטער און זאָגן אייך דעם אינערלעכן זין פון אונזער יום־טוב, נעמלעך: „ניט דורך קראַפט, ניט דורך מאַכט, נאָר דורך אונזער גייסט"! דאָס איז אייגנטלעך דער פּרינציפּ פון אידנטום! איך וויל אָבער זיין אויספירלעכער. איך וועל זיך באַמיען זיין קורץ און זאַכלעך.

**אַלע:**

ביטע, לאָרע!

**פראַנץ:**

איך ווייס גאָרניט פון חנוכה יום־טוב. דערפאַר וואָלט איך טאַקע וועלן הערן אויספירלעך. איך דענק, אַז פילע פון די אַנוועזנדע זיינען ביי דער זעלבער מיינונג.

אַלע:

זעלבסטפאַרשטענדלעך. (צו לאַרע'ן) ביטע, לאַרכען!

לאַרע:

דער קעניג פון סיריע, אַנטיוכוס, וועלכער האָט מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק באַזיגט און דעראָבערט פּאַלעסטינע, האָט געשטרעבט דערצו, אַז אַלע פון אים באַזיגטע פעלקער זאָלן זיך פאַראייניקן אין איין פאָלק, און דינען איין גאָט, זיין גאָט, זיין גאָט צעאוס, און אָנ־נעמען די העלעניסטישע קולטור. מיט די אידן איז דאָס ניט געלונגען, כאָטש דעמאָלט שוין זיינען געווען צווישן די אידן אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייער פאָלק, זיך אַסי־מילירט און געוואָרן העלעניסטן. די גרויסע מערהייט אָבער איז געבליבן געטריי זיינע אידעאַלן, האָט זיך מקריב געווען פאַר זיין גלויבן, פאַר ציון. דעם 25טן כסלו, אין יאָר 168 פאַר אונזער צייטרעכענונג, איז געבראַכט געוואָרן דער ערשטער קרבן דעם גאָט צעאוס אין אונזער טעמפּל, וועלכן אַנטיוכוס האָט פאַראומרייניקט. ער האָט פאַרניכטעט די הייליקע ספרים און אַלץ וואָס איז ביי אונז געווען הייליק און טייער. ער האָט גע־צוואונגען די אידן, זיי זאָלן ברענגען קרבנות צו דעם גריכישן גאָט צעאוס, און עסן טריפע פלייש. אַ סך האָבן זיך אָפּגעזאָגט אויסצופירן אַנטיוכוס'עס באַפעל, האָבן זיך מקריב געווען פאַר זייער גלויבן, און זיך געלאָזט טויטן. די געשיכטע דערציילט פון אַ אידישער מאַמען און אירע זיבן זין, וועלכע זיינען גע־טויטעט געוואָרן פון אַנטיוכוס'ן, ווייל זיי האָבן ניט געוואָלט אָננעמען זיין גלויבן און אויספירן זיין באַפעל.

פראַניע:

שרעקלעך! (ביי מאַרטאַ'ן שטייען טרערן אין די אויגן)

לאַרע:

דער כהן מתתיהו בן יוחנן האָט פאַר זיין טויט פאַרזאַמלט ארום זיין בעט זיינע זין: יוחנן, שמעון, יהודה, יונתן, אליעזר. ער

האָט זיי געבענטשט מיט די דאָזיקע ווערטער: „זייט שטאַרק און פעסט, שטייט קרעפטיק און באַשיצט אייער גלויבן. איר זעט, יהודה המכבי איז אַ מוטיקער העלד שוין פון זיינע יונגע יאָרן. ער וועט זיין אייער פירער אין דעם הייליקן קאַמף. האַלט פעסט אונזער הייליקע תורה“! מיט די ווערטער אויף די ליפּן איז דער אַלטער פּריסטער געשטאָרבן. אַרום יהודה המכבי'ן, וועלכער איז געווען שטאַרק ווי אַ לייב, האָבן זיך געזאַמלט אַ סך אידן. (מ'הערט פון דרויסן, ווי די נאַצי־שטורמיסטן מאַרשירן, זינגענדיק: „ווען דאַס יודנבלוט פאָם מעסער שפּריצט“. לאָרע הערט זיך צו צום נאַצי־הימן. איר שטימע וויברירט, ווערט קרעפטיקער, נצחונ'דיקער. פראַנק, מאַרטאַ און דער אָבער־קאַנטאָר באַזאָרגט, טרויעריק. ביי דער יוגנט גיסן זיך אָן די אויגן מיט צאָרן און פּראָטעסטגעפיל) אין פאַרגלייך אָבער מיט אַנטיוכוס'עס אַרמיי, איז די צאָל פון די אידן געווען זייער קליין. פונדעסטוועגן האָט יהודה המכבי געפירט זיין קליינע אַרמיי געגן די שטאַרקע און מעכטיקע אַרמייען פון פיינט. ער האָט געזאָגט: (לאָרע וואַרפט אַ נצחונ'דיקן בליק אויף דער גאַס; מיט קראַפט) „דער זיג אין אַ מלחמה הענגט ניט אָפּ פון דער גרויס פון דער אַרמיי, נאָר פון איר גייסט“. די קליינע אַרמיי פון יהודה המכבי האָט ארויסגעוויזן גרויס גבורה'שאַפט. דער שונא איז פאַרניכטעט געוואָרן און דער נצחון איז געווען גרויס. ווען יהודה המכבי מיט זיינע מיט־קעמפער זיינען צוגעגאַנגען נאָענט צו ציונ'ס בערג און האָבן געזען, ווי אַלע הייליקטימער זיינען חרוב, אומריין, האָבן זיי פון גרויס טרויער צעריסן זייערע קליידער, געוויינט, געפאַלן צו דער ערד און באַדעקט מיט אַש זייערע קעפּ. ניט לאַנג אָבער האָט געדויערט זייער טרויער. זיי האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט: אויפבויען דאָס, וואָס דער שונא האָט פאַרניכטעט, אָפּריייניקן דאָס, וואָס אַנטיוכוס האָט באַשמוצט. ווען דער טעמפּל איז געווען אָפּגערייניקט פון די פרעמדע געטער, האָבן זיי אָנגעצינדן ליכט. דעם 25טן כסלו, דעם

זעלבן טאָג, אין וועלכן דער טעמפּל איז פון אַנטיוכוס'ן פאַר־אומרייניקט געוואָרן, האָבן די אידן געהייליקט און געדאַנקט זייער גאָט, דעם גאָט פון ישראל! פיל פרייד האָט געהערשט דעמאָלט צווישן די אידן. אכט טעג האָבן זיי געפייערט דעם זיג. זיי האָבן דעמאָלט פעסטגעלייגט פאַר אַלע צייטן, אַז אומעטום, וואו אידן וואוינען, זאָל מען פייערן אכט טעג לכבוד דעם גרויסן נס, און דער יום־טוב זאָל הייסן חנוכה, דאָס הייסט באַנייאונג פון בית־המקדש. מיט פרייד, געזאַנג און טענץ פייערן מיר, אידן, שוין צוויי טויזנט יאָר אונזער חנוכה יום־טוב!
(אַלע זיינען באַגייסטערט. דאַנקען לאָרע'ן. באַזונדערס שטאַרק רעדט אַרויס זיין דאַנק פראַנץ לעווענטאַל)

וועדנער:

מיינע ליבע געסט! איר האָט געהערט די קורצע געשיכטע פון אונזער יום־טוב חנוכה. אין דעם דאָזיקן יום־טוב ליגט אַ טיפער זין, וועלכן מיר אַלע מוזן וויסן. חנוכה! באַנייאונג, הייליקונג, רייניקונג! מיר מוזן רייניקן אונזער אינערלעכן טעמפּל, מיר מוזן רייניקן אונזער אידישע נשמה, פּלאַנצן אין די הערצער פון דער יוגנט אַ ליבע צו אונזער פאָלק! די מאַקאַבייער זיינען געווען מוטיקע, אומדערשראָקענע פרייהייטס־קעמפער! זיי זיינען געווען שטאַרקע געגנער פון יעדער אַסימילאַציע, קנעכטשאַפט אונטערדריקונג. דאָס איז און דאַרף זיין דער סימבאָל פון אונזער חנוכה יום־טוב פאַר אַלע צייטן! איר זעט, מיינע פריינד, ווי וואונדערבאַר איז דער געדאַנק, וועלכן לאָרע האָט דאָ דערמאָנט: ניט דורך קראַפט, ניט דורך מאַכט וועלן מיר דערגרייכן אונזער ציל, נאָר דורך אונזער גייסט! (צום אָבער־קאַנטאָר געווענדט) הער אָבער־קאַנטאָר! פיליכט וועט איר אונז עפּעס דערציילן וועגן אונזער חנוכה?

אַלע:

ביטע, ביטע, הער אָבער־קאַנטאָר!

אַבער־קאַנטאָר:

מיינע דאַמען און הערן! פריילין לאַרע און ווערנער האָבן אַזוי אויספּירלעך און שיין גערעדט, זיי האָבן אַלץ אַזוי פיין דער־קלערט, אַז מיר איז גאָרניט געבליבן צו זאָגן. איך וויל נאָר באַטאָנען, (וואַרפט אַ בליק צו דער גאַס) אַז בלוט פאַרגיסן, די שרעקלעכסטע פייניקונגען און מערדערייען, וועלכע אונזערע שונאים טוען אונז אַן שוין מער ווי צוויי טויזנט יאָר, האָבן אונזער פאָלק ניט פאַרניכטעט און וועלן ניט פאַרניכטן! מיר לעבן און וועלן לעבן!

(אַלע: בראַוואָ! בראַוואָ!)

און איצט, אַנטשולדיקט מיר, איך מוז אייך לײדער פאַרלאָזן. איך מוז נאָך אַ פאַמיליע באַזוכן. עס איז געווען אַ וואונדער־באַרער אָוונט, דער שענסטער אָוונט אין מיין לעבן! איך וועל אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן. צום אָפּשייד וויל איך דערפאַר אַ אידיש ליד זינגען.

אַלע:

ביטע, הער אַבער־קאַנטאָר!

פראַניאַ:

(צום אַבער־קאַנטאָר) איר וועט אונז פאַרשאַפן גרויס פרייד.

אַבער־קאַנטאָר:

(געווענדט צו דער מנורה, זינגט):

„אָ, איר קליינע ליכטעלעך,
איר דערציילט געשיכטעלעך,
מעשה׳לעך אָן צאָל;
איר דערציילט פון בלוטיקייט,
בריה׳שאַפט און מוטיקייט,
וואונדער פון אַמאָל!

ווען איך זע אייך שמינקלענדיק,
קומט אַ חלום פינקלענדיק,
רעדט אַן אַלטער טרוים:
איד, דו האָסט געקריגט אַמאָל,
איד, דו האָסט געזיגט אַמאָל,
גאָט, דאָס גלויבט זיך קוים!

ס'איז ביי דיר אַ טאָלק געווען,
ביזט אַמאָל אַ פאָלק געווען,
האָסט אַמאָל רעגירט,
האָסט אַמאָל אַ לאַנד געהאַט,
האָסט אַמאָל אַ האַנט געהאַט,
אַך, ווי טיף דאָס רירט!

אַ, איר קליינע ליכטעלעך,
אייערע געשיכטעלעך
וועקן אויף מיין פיין,
טיף אין האַרץ באַוועגט עס זיך,
און מיט טרערן פרעגט עס זיך:
וואָס וועט איצטער זיין?"

**אַלע:**

בראַוואָ, הער אַבער־קאַנטאָר! בראַוואָ! וואונדערבאַר! (פראַנץ דריקט אים די האַנט און דאַנקט. דער חזן געזעגנט זיך און וויל גיין)

**פראַנץ:**

(צום אַבער־קאַנטאָר) ביטע, הער אַבער־קאַנטאָר, אַן אויגנבליק! (צו אַלעמען) איך האָב פאַר אייך אַלעמען (שמייכלט) חנוכה־מתנות. איך דערלויב זיך, הער אַבער־קאַנטאָר! (גיט אים אַ מתנה; פאַרטיילט אַלעמען מתנות. אַלע דאַנקען פראַנץ לעווענטאַל.

דער אָבער־קאַנטאָר געזעגנט זיך מיט די ווערטער: „לשנה הבאה, איבער אַ יאָר ניט ערגער”. אַלע באַדאַנקען אים)

(אָבער־קאַנטאָר אָפּ)

ווערנער:

(צום פּאַטער) עס איז זייער פיין פון דיר, פּאַטער! איך בין שטאָלץ מיט דיר! פּאַטער, זאָג מיר, איך בעט דיך, איז דען אונזער חנוכה יום־טוב ניט שיין? מוזן מיר דען נאָכמאַכן אונזערע שכנים און פייערן זייערע ימים־טובים, פרעמדע ימים־טובים?

האַנס:

ווייַנאַכטן איז קיין פרעמדער יום־טוב. ווייַנאַכטן איז אונזער דייטשער יום־טוב. מיר זיינען דאָך דייטשן!

קורט:

ניין, האַנס, דו האָסט אַ טעות; ווייַנאַכטן איז אַ קריסטלעכער יום־טוב.

פראַנץ:

(צו קורט׳ן) אַ פאָלקס יום־טוב, ווילסטו זאָגן?

עריך:

דערלויבט מיר צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער. הער לעווענטאַל איז גערעכט. ווייַנאַכטן איז אַ דייטשער פאָלקס יום־טוב! פון קינד־ווייז אָן האָט מען אונז דערציילט פון ווייַנאַכטן. ביי אונז אין הויז פייערט מען שטענדיק ווייַנאַכטן.

טרודע:

ביי אונז אויך! מיינע עלטערן זאָגן שטענדיק, אַז ווייַנאַכטן איז אַן אַלטער דייטשער פאָלקס יום־טוב.

קורט:

(צו אַלעמען געווענדט) איך זע, אַז קיינער פון אייך האָט אַליין די זאַך ניט אויסגעפאָרשט. איך זאָגט נאָר דאָס, וואָס איר האָט

געהערט פון אייערע עלטערן. די עלטערן זיינען אויך ניט שולדיק. זיי האבן דאס געהערט פון זייערע עלטערן, און די לעצטע — פון זייערע עלטערן, און אזוי ווייטער. די צייט איז שוין לאנג רייף, אז מיר זאלן אויסגלייכן דעם וועג פון דעם עלטערן דור, דעמאלט וועלן מיר ניט שטיין אזוי ווייט און אפגעזונדערט פון אונזערע עלטערן. דאס וועט זיין פאר ביידע צדדים א גרויס געווינס. קורץ — מיר ווילן און וועלן צוריק־געפינען דעם וועג צו אונזער פאלק! דאס איז דער זין און דער צוועק פון אונזער לעבן! צוריק צו דער פראגע: ווייניאכטן. ווייניאכטן איז א קריסטלעכער יום־טוב, און נאך מיין מיינונג, דארף אונזער טאקט־געפיל אונז זאגן, אז מיר זאלן אזעלכע ימים־טובים ניט פייערן!

גרעטע:

(צו קורט'ן) דו האסט ריכטיק און שיין גערעדט. זאג מיר, קורט, איך בעט דיך, צו וואס באטאנסט דו שטענדיק: פרעמדע, פרעמדע ימים־טובים? מיר זיינען דאך דייטשן! דאס זעלבע האט שטענ־דיק געזאגט קאנסטאנצע.

האנס:

(פאטשט מיט די הענט, באגייסטערט) בראווא! בראווא! ענדלעך האט אויך גרעטע געעפנט איר מויל!

טרודע:

איך פארשטיי דאס אייגנטלעך ניט. קען מען דען ניט פייערן ביידע ימים־טובים: חנוכה און ווייניאכטן?
(אלע לאכן)

גרעטע:

טרודע האלט שטענדיק פון ימים־טובים!

פראניץ:

(צו אלעמען) טרודע איז גערעכט. אבער אין קורט'ס ווערטער שטעקט אויך א שטיק אמת.

װערנער:

קורט האָט דעם געדאַנק ריכטיק אַרויסגעבראַכט. לאָמיר מאַכן אַ סוף מיט דער פֿראַגע. מײַנע פֿרײַנד! װײַנאַכטן איז אַ קריסט־לעכער יום־טוב, נאָר אונזער טאַקטלאָזיקײט... אַנטשולדיקט מיר, ביטע, איך מײן אונזער ניט־באַקאַנטשאַפֿט מיט דער זאַך, האָט אונז געבראַכט צו דער פֿאַלשער מײנונג, װעלכע איז דאָ פֿון האַנס'ן און אַנדערע אַרויסגעזאָגט געװאָרן. (צו גרעטל) װעגן קאָנסטאַנצע'ן זאָרג זיך ניט. זי איז געװאָרן אַן אַנדערע. איך בין אין דעם איבערצײַגט.

מאַרטאַ:

(צו װערנער'ן) קען מען דען ניט אין דער זעלבער צײַט זײַן אַ דײַטש און אַ איד?

קורט:

(פֿאַרביטערט) אַ דײַטש און אַ איד!...נאָך דעם װי זײ האָבן אונז דערנידעריקט, באַשמוצט, פּאָגראָמען אױף אונז געמאַכט, באַיקאָטן אױף אונז אַרויסגערופֿן, אונזער נשמה פֿאַרפּײַניקט, פֿאַרשקלאַפֿט! נײן, נײן!...

װערנער:

נײן, קורט, אונזער נשמה איז ניט פֿאַרשקלאַפֿט! אויסערלעך זײַנען מיר קנעכט, אינערלעך פֿרײ, פֿרײ!

פֿראַנץ:

(צו מאַרטאַ'ן, מיט אַ צװײפֿלענדיקער שטימע) יאָ, יאָ, אַלטיטשקע, דאָס איז אַ קלוגע פֿראַגע! (קלאַפּט איר אױף די אַקסלען) הע, הע, מאַרטאַ!

קורט:

ניט האַלב און האַלב! (באַגײַסטערט) מיר ליבן דײַטשלאַנד, איר ערד, איר נאַטור, איר שפּראַך, איר קולטור, דעם בעסטן טײל פֿון דײַטשן פֿאָלק, אָבער דאָס אַלץ גיט אונז פֿונדעסטװעגן ניט

דאָס רעכט צו פייערן אַ קריסטלעכן יום טוב. (צו גרעטל) דו האָסט דערמאָנט קאָנסטאַנצע׳ס נאָמען. דו האָסט, גרעטל, אָבער פאַרגעסן יענעם אָוונט, ווען קאָנסטאַנצע איז געקומען פון די גאָלדשמידס און האָט דערציילט, וואָס פאַר אַ חורבן די נאַציס האָבן געמאַכט אין זייער געשעפט, ווי זיי האָבן אַלץ פאַרניכטעט און די קליינע קינדער געשלאָגן. (ער ווייזט מיט באַוועגונגען, ווי די נאַציס האָבן געטאָן) געדענקסט, גרעטל, ווי קאָנסטאַנצע האָט אויסגעשריען מיט אַלע אירע כחות: „די פאַרברעכער באַנדע! דאָס זיינען דייטשן?! ניין, איך שעם זיך אָנרופן מיט׳ן נאָמען דייטשקע!״ (צו אַלעמען) קענט איר זיך אַלע דערמאָנען דעם מאָמענט, ווען איך האָב דערציילט קאָנסטאַנצע׳ן, וואָס עס טוט זיך אין דער שול: ווען אַ קליין אידיש מיידעלע האָט זיך געשטעלט אין דער ריי צוזאַמען מיט די אַנדערע שילערינס, אירע שול־חבר׳טעס, און אויסגעשטרעקט איר הענטעלע צו באַקומען אַ גלאָז מילך פון דער לערערין צום פרישטיק, האָט די לערערין איר אַ קלאַפּ געגעבן איבער׳ן האַנט און אַרויסגעשטויסן דאָס קינד פון דער ריי מיט די ווערטער: „דו באַקומסט ניט קיין מילך! גיי אַוועק! דו ביזט אַ אידין!״ (קורט ווייזט מיט די הענט און באַוועגונגען די סצענע מיט׳ן קינד) עס קלינגט נאָך איצט אין מיינע אויערן קאָנסטאַנצע׳ס געשריי: „איך האַלט דאָס מער ניט אויס! איך קען דאָ מער ניט בלייבן!״ (צו פראַניץ׳ן) געדענקט איר, הער לעווענטאַל, ווי קאָנסטאַנצע איז צוגעשטאַנען צו אייך מיט פּראָטעסט־ווערטער: „פאָטער, פאַרוואָס האָסטו אונז ניט דערצויגן אַלס אידן, וואָלטן מיר געוואוסט, פאַר וואָס מיר ליידן! איצט האָב איך דערוואַכט!״— האָט אויסגעשריען קאָנסטאַנצע! אַט דעם מאָמענט מוזט איר אַלע גוט געדענקען!

**פראַניץ:**

(שולדיק) איך האָב דאָך אַליין ניט געוואוסט. מ׳האָט מיך אויך אַזוי דערצויגן. איצט, איצט אָבער, שטיי איך ביסלעכווייז אויף

פון טיפן שלאף. איך דערוואך! (מיט פאטאס) נענטער צו דיר, מיין פאלק, איך קום אלץ נענטער צו דיר, פון וועלכן איך בין געשטאנען אזוי ווייט! (שולדיק) קינדער, פיליכט בין איך שולדיק! באשולדיקט מיך אבער ניט צופיל! מיר זיינען גענוג געשטראפט!

ווערנער:

(צו אלעמען) נאר קלארקייט, אמת! נו, מיינע ליבע געסט, גענוג. מיר האבן זיך דורכגעשמועסט, אראפגענומען אביסל פון הארצן דאס, וואס האט אונז אלעמען געדריקט. גענוג! עס איז היינט יום־טוב! חנוכה! לאמיר פריילעך זיין, אויף צו להכעיס אונ־זערע שונאים! מיר גיבן זיך ניט אונטער! ניין, דאס פאלק ישראל לעבט! און טאקע אלס צייכן פון אונזער לעבן, (וויל אריינ־ברענגען אביסל מונטערקייט אין דער געשאפענער געדריקטער שטי־מונג) דערלויבט מיר, אלס אנדענק פון היינטיקן שיינעם אוונט, געבן יעדערן פון אייך א קליינע חנוכה־מתנה! די שענסטע מתנה דעם פאטער! (פארטיילט די מתנות, אלע באדאנקען, פרייען זיך. באזונדערס גערירט איז פראנץ לעווענטאל. ער נעמט ארום ווערנער'ן) און איצט, לאמיר אלע צוזאמען, טאקע נאכאמאל אונזערע שונאים אויף צו להכעיס, מאכן א טענצל, א אידיש טענצל! פאטער, מוטער, אלע, אלע, אלע צוזאמען!

(טאנצן הארא און זינגען):

וואס מיר זיינען — זיינען מיר,
אבער אידן זיינען מיר...

פראנץ:

(זינגט באגייסטערט, זיין שטימע הערט זיך העכער ווי די אנדערע. רייסט זיך ארויס פון רינג, לאכט) איך קען ניט מער! מארטא, וואס זאגסטו צו אונזער ווערנער'ן? וואס ער מאכט פון אונז! (אלע טאנצן, לאכן, זינגען, א וואונדערבארע שטימונג)

מארטא:

יע, פראנצל, דו זעסט? דורך די קינדער ווערן מיר אויך יונג! (אלע, מיד פון טאנצן, ווארפן זיך אויף די סאפעס. קליינע פויזע)

האַנס:

(צו אַלעמען) דער היינטיקער אָוונט איז באמת אַ וואונדער־באַרער! איך האָב מיטגעזונגען אידישע לידער, מיטגעטאַנצט, מיט באַגייסטערונג זיך געפרייט, און מיט טיפן שמערץ זיך צוגעהערט צו קורט׳ס ווערטער. ניט קוקנדיק אָבער אויף דעם פּיין און די באַליידיקונגען, וואָס עס ברענגט אונז די גאַס, פילן זיך אָבער אַ סך פון אונז אַלס דייטשן! אַ סך פון אונז וועלן דאָ בלייבן, אונטער, אַלע אומשטענדן... דאָ קעמפן, דאָ אַר־בעטן, דאָ האָפן אויף אַ בעסערע צוקונפט, דאָ, אין דייטשלאַנד! אין דער פייערלעכער שעה, וועלכע מיר לעבן איצט דורך, מוז אויך אונזער ליבע, אונזער איבערגעגעבנקייט צו אונזער פאָטער־לאַנד דערמאָנט ווערן. היטלער איז דאָך ניט דייטשלאַנד און דייטשלאַנד איז דאָך ניט היטלער! (ער קוקט אין דער ווייט און דעקלאַמירט מיט באַגייסטערונג אַ דייטש־פּאַטריאָטיש ליד):

„דאָרט, וואו די אייכען־ביימער רוישן,
צום הימל געהויבן די קעפּ,
דאָרט, וואו די שטאַרקע שטראָמען ברויזן —
דאָרט איז מיין לאַנד —
דייטשלאַנד !
דאָרט, וואו דער גאָלדענער רהיין זיך צופליסט,
דאָרט, וואו דער זילבער־בלויער מאַין זיך צעגיסט,
דאָרט, וואו אונזערע לידער זיך צעזינגען,
דאָרט, וואו אונזערע ׳ווערטער זיך צעקלינגען, —
דאָרט איז מיין פאטערלאַנד!
אָ, דייטשלאַנד, אָ, זיסער קלאַנג,
דיך ליב איך מיין לעבן לאַנג!"

(קליינע פּויזע)

(צו אַלעמען) איר קענט זאָגן און זינגען, וואָס איר ווילט, מיר זיינען דייטשן!
(פּלוצלינג הערט מען פעסטע טריט. מ'קלאַפּט שטאַרק מיט ביקסן־קאָלבעס אין דער טיר. מ'קלינגט. לאָטע עפנט די טיר. עס רייסן זיך אריין עטלעכע נאַצי־מענער אין ברוינער אוניפאָרם)

ערשטער נאַצי:

דער איד לעווענטאַל?

צווייטער נאַצי:

אויפשטיין! אַלע!

ערשטער נאַצי:

אַלע זאָל בלייבן ליגן!

צווייטער נאַצי:

ניט אָנרירן!
(זיי רייסן אויף דעם טיש, דעם שראַנק, וואַרפן די זאַכן אויפ'ן דיל, זוכן אין די שופלאַדן. אייניקע פון די נאַצים גייען אין דעם צווייטן צימער, אייניקע בלייבן אין דעם גרויסן צימער. זיי זוכן, וואַרפן די זאַכן, טרעטן זיי מיט די פיס. די נאַצים קומען צוריק פון צווייטן צימער)

ערשטער נאַצי:

(ווייזט אָן אויף דער הנוכה־מנורה) וואָס איז דאָס? (זעט אידישע בוכשטאַבן אויף דער מנורה, שלײדערט זי אויפ'ן דיל. פון אַלע אנוועזענדע, וועלכע שטייען דערשראָקן און נידערגעשלאָגן, רייסט זיך אַרויס אַ געשריי)

צווייטער נאַצי:

שטיל, פאַרפלוכטע אידן!

ערשטער נאַצי:

(גייט צו נענטער צו פראַנץ לעווענטאַל, וועלכער האָט אויסגע־שטרעקט זיין ברוסט, כדי דער אייזערנער קרייץ זאָל זיך בולט'ער וואַרפן אין די אויגן פון די נאַצים. דער צווייטער נאַצי רייסט

מיט רציחה דעם קרייץ, וואַרפט אים אויפ'ן טיש. לעווענטאַל ציטערט)
איך לעווענטאַל! מיר האָבן דעם אָרדער צו זוכן ביי אייך וואָפן!

פראַנק:

וואָפן?!...

מאַרטאַ:

אום גאָטעס ווילן!...

פראַנק:

מיר האָבן ניט קיין וואָפן!

צווייטער נאַצי:

האַלט דאָס מויל, איד!

ערשטער נאַצי:

גיט בעסער אַרויס די וואָפן מיט גוטן. אויב זיי זיינען ביי אייך באַהאַלטן און מיר וועלן זיי געפינען, וועט איר זייער שלעכט אָפּשניידן.
(זיי זוכן)

צווייטער נאַצי:

(צום ערשטן) די אידן האָבן די וואָפן באַהאַלטן, צום דאָנער־וועטער!

מאַרטאַ:

(ברעכט אויס אין אַ געוויין) פאַרבאַרגענע וואָפן?! (ענערגיש) ניין, מיינע הערן, מיר האָבן ניט קיינע וואָפן!
(די נאַצים זוכן, זוכן, ערגערן זיך זייער, וואָס זיי געפינען ניט. זידלען)

ווערנער:

(צו די נאַצים) מיינע הערן! איך וועל אייער אַרבעט לייכטער מאַכן. איר דאַרפט מער ניט זוכן. איך וועל אייך באַלד ברענגען אונזערע באַהאַלטענע וואָפן!

(די נאַציס מאַכן אַ גליקלעך־צופרידענעם פּנים, וואָס זאָל באַדייטן: דער יונג איז אַ קערל, אַ כוואַט! אלע אנוועזענדע שטייען דער־שראָקענע, ווי פּאַראַליזירט, קוקן אויף ווערנער׳ן, ווי זיי וואָלטן אים פרעגן: וואָס טוט זיך מיט דיר? ווערנער עפנט דעם ביכער־שראַנק, נעמט אַרויס פון דאָרט אַ דיק בוך, מאַכט עטלעכע טריט מיט דעם בוך צו די נאַציס, הויבט אויף הויך דאָס בוך)

דאָס איז אונזער וואָפן! די ביבל איז אונזער וואָפן, מיינע הערן!

(די נאַציס רייסן אַרויס צאָרנדיק די ביבל פון ווערנער׳ס האַנט, וואַרפן זי אויפ׳ן דיל. האַנס הויבט אויף די ביבל, קושט זי)

האַנס:

(צו די נאַציס) יאָ, יאָ, מיינע הערן! די צען געבאָט, וועלכע האָבן אונז טויזנטער יאָרן געוויזן אונזער וועג, זיי זיינען אונ־זערע וואָפן, מיינע הערן!

(די נאַציס נעמען זיך צו ווערנער׳ן און צו האַנס׳ן, ווילן זיי שלאָגן. די דאַמען וויינען, שרייען. קורט, עריך, מאַכן אַ באַוועגונג אַרויסצורייסן ווערנער׳ן און האַנס׳ן פון די נאַציס הענט. אין זייער באַוועגונג, צו וועלכער עס טרעטן צו לאָרע, גרעטל און טרודע, איז צו באַמערקן, אַז זיי זיינען גרייט אויף אַלץ, אויף אַ געפער־לעכן שריט אפילו — זיך שלאָגן מיט די נאַציס. מאַרטאַ, טרודע, לאָטע וויינען, שרייען. די נאַציס לאָזן אָפּ ווערנער׳ן און האַנס׳ן, זעענדיק, אַז די סיטואַציע קען ווערן געפערלעך)

לאָטע:

(צו די נאַציס) איך בעט אייך, מיינע הערן! טוט ניט קיין שלעכטס אונזערע יונגע הערן. מיר האָבן דאָך ניט קיינע וואָפן!

ערשטער נאַצי:

(צו לאָטע׳ן) ווער זיינט איר?

לאָטע:

אַ דינערין. מיינע באַלעבאַטים זיינען די בעסטע מענטשן אין דער וועלט!

צווייטער נאַצי:

(מיט אַ צאָרנדיקער גרימאַסע) מענטשן... פאַרפלוכטע אידן זיינען זיי! און ווער זיינט איר?

לאָטע:

א דייטשע מיידל.

ערשטער נאַצי:

אַן אַריערין?

לאָטע:

יאָ, אַן אַריערין!

צווייטער נאַצי:

שעמט זיך! איר זיינט אַ אידישער קנעכט! אַן אַריערין זאָל זיך געפינען אין אַ אידיש הויז! אַ שאַנדע!

לאָטע:

גאָט צו דאַנקען, איך בין שוין אין דעם הויז צען יאָר, און נאָר גוטס האָב איך געזען פון מיינע הערשאַפטן.

ערשטער נאַצי:

האַלט ס'מויל, איר, אומפאַרשעמטע דייטשע מיידל! באַלעבאַטים! הערשאַפטן! שמוציקע אידן זיינען זיי! (צו ווערנער'ן) וואָס איז דיין נאָמען, דו, איד?

ווערנער:

(מיט שטאָלץ) ווערנער לעווענטאַל! (דער צווייטער נאַצי שרייבט אַריין אין אַ ביכל)

ערשטער נאַצי:

באַשעפטיקונג?

ווערנער:

סטודענט (אונטערשטרייכט) פון דעם קייזער פרידריך־ווילהעלם אוניווערסיטעט! (צווייטער נאַצי שרייבט אין ביכל, מורמלט מיט פאַראַכטונג דאָס וואָרט, וואָס ווערנער האָט געזאָגט: „קייזער... מיר האָבן ניט מער קיין קייזער! אַ פירער האָבן מיר! אַדאָלף היטלער!”)

ערשטער נאַצי:

(צו האַנס'ן) און דו, שמוציקער אינגל?

האַנס:

(הויך, מיט שטאָלץ) האַנס לעוועגטאַל, אַ זון פון פראַנט־קעמפער און דייטשן העלד, דעם אַדוואָקאַט פראַנץ לעוועגטאַל! (פראַנץ לעוועגטאַל ברעכט אויס אין אַ געוויין)

(צווייטער נאַצי שרייבט אַריין אין זיין ביכל)

ערשטער נאַצי:

(צו האַנס'ן) באַשעפטיקונג?

האַנס:

(אויפגערעגט פון פאָטער'ס געוויין, שרייט אויס) דער ערשטער סטודענט פון דער רעאַל־שול, וועלכע טראָגט דעם נאָמען פון דעם גרעסטן דייטשן דיכטער געטע!

(צווייטער נאַצי קוקט קרום אויף האַנס'ן, שרייבט אין זיין ביכל)

ערשטער נאַצי:

(הויבט אויף זיין פויסט, דראָענד. צו ווערנער'ן און האַנס'ן) איר וועט שוין קריגן! (צו לאָטע'ן) אויך איר, אידישער קנעכט!

(די נאַצים, אין סאָלדאַטישער האַלטונג, מיט געהויבענע קעפּ, ווי נאָך אַן אָפּגעהאַלטענעם זיג, גייען אַרויס פון צימער אין מיליטערישן טריט. קלאַפּן מיט רציחה די טיר, מיט די ווערטער: „אויף ווידער־זען, שמוציקע אידן!" מאַרטאַ ברעכט צוזאַמען. אַלע פרויען, אויך לאָטע, וויינען היסטעריש. פראַנץ נידערגעשלאָגן. ער נעמט דעם אייזערנעם קרייץ אין דער האַנט, באַטראַכט אים, און וואַרפט אים צוריק אויפ'ן טיש. ווערנער נעמט די ביבל, טוט זי אַ קוש און שטעלט זי צוריק אין שראַנק. קורץ, עריך — אין ערנסטער, קעמ־פערישער שטימונג)

האַנס:

(פאַרביטערט, צאָרנדיק, נידערגעשלאָגן) מיר זיינען דייטשן! (לאַכט און וויינט היסטעריש)

פאָרהאַנג.

# דריטער אַקט

דער זעלבער צימער ביי פּאָנץ לעוועטאַל. עס זעט אָבער אויס אַנדערש. ניטאָ פריערדיקע ברייטקייט. די מעבל צוזאַמענגע־שרומפּן, צוזאַמענגערוקט. דער צימער גופא זעט אויס אַביסל קלענער. אַן אומאָרדענונג. דאָ און דאָרט ליגן זאַכן. עטלעכע גרויסע וואַליזעס, האַלב־געפּאַקט, שטייען אָפן: אַ צייכן, אַז עמיצער פאָרט אָפּ אין אַ ווייטער נסיעה.

פרילינג, בין־השמשות.

קאָנסטאַנצע זיצט ביי דער פּיאַנאָ, זינגט אַ טרויעריק הערבסט־ליד, אַקאָמפּאַנירט זיך אַליין.

## פאָרהאַנג גייט אויף.

קאָנסטאַנצע בלייבט זיצן אין דער פּאָזע, זינגט און שפּילט. עס עפנט זיך שטיל די טיר, גרעטע קומט אַריין, בלייבט שטיין, הערט זיך צו צום געזאַנג און שפּיל פון איר עלטערער שוועסטער. קאָנ־סטאַנצע ענדיקט דאָס שפּילן, לייגט איר קאָפּ אויף דער פּיאַנע. הויבט אויף איר קאָפּ, לייגט צוזאַמען אירע הענט הינטערן הינ־טערשטן טייל פון קאָפּ, זיפצט.

**גרעטע:**

(גייט צו אויף די שפּיץ פינגער מיט לאַנגזאַמע שטילע טריט צו קאָנסטאַנצע'ן, לייגט צערטלעך אירע הענט אויף קאָנסטאַנצע'ס שולטערן. קאָנסטאַנצע כאַפּט זיך אויף אַביסל דערשראָקן, נעמט אַרום איר שוועסטער פאַר דער טאַליע) קאָנסטאַנצע, דו ביזט ווידער טרויעריק? וואָס איז מיט דיר, מיין שוועסטער?

**קאָנסטאַנצע:**

עס איז טרויעריק, מיין קינד, זייער טרויעריק.

גרעטע:

שטענדיק ביזטו טרויעריק. דו זעסט, איצט איז דאָך פרילינג!
(עפנט די פענסטער) אָך, ווי וואונדערבאַר, ווי שיין! פילסטו
דען ניט, קאָנסטאַנצע? פרילינג, פרילינג!

קאָנסטאַנצע:

יע, פרילינג! אָבער אויך דער פרילינג ברענגט מיט זיך זיין
קומער, פרילינג־ביינקשאַפט!...

גרעטע:

ווייסטו, פרילינג פיל איך זיך אַזוי הערליך, אַזוי פריילעך,
אַז איך בין גרייט אַרומצונעמען די גאַנצע נאַטור, די גאַנצע
וועלט, און דרייען זיך אין אַ וואַנזיניקן קאַראַהאָד.

קאָנסטאַנצע:

די יוגנט רעדט אין דיר. דער רוף פון לעבן!

גרעטע:

און דו?

קאָנסטאַנצע:

איך בין אַלט געוואָרן... אַלץ איז דער פאַרגאַנגענהייט...
אוים... דאָס לעבן איז אַוועקגעגאַנגען... קומט ניט מער...

גרעטע:

(אינערלעכע ליידן, פרואווט זי אויפמונטערן) געזאָגט — אַלט...
טו נאָר אַ קוק אויף זיך: יונג, שיין ביזטו! מ׳ליבט דיך...
(לאָרע קומט אַריין)

לאָרע:

שטער איך אפשר?

קאָנסטאַנצע:

וואָס רעדסטו, לאָרכען? פאַרקערט, איך פריי זיך זייער, ווען
איך זע דיך.

גרעטע:

(לאַכט) איך אָבער ניט. (נעמט לאָרע׳ן אַרום, קושט זי)

לאָרע:

פאַרוואָס זיצט איר פאַרשטעקט, אָפּגעזונדערט, אין בין־השמשות? אַך, ווי אין דרויסן איז שיין! די לופט...פרילינג... וואונדערבאַר...

גרעטע:

(צו לאָרע׳ן) ווי געפעלט דיר קאָנסטאַנצע? זי זאָגט, אַז זי איז אַלט, אָפּגעלעבט...

לאָרע:

(צו קאָנסטאַנצע׳ן) ווען איך וואָלט דיך ניט געקענט, וואָלט איך געמיינט, אַז דו ביזט ווי אַלע פרויען, און האָסט ליב קאָמפּלימענטן. אָבער וואָס אמת איז אמת. דו ביזט ווירקלעך שיין!

קאָנסטאַנצע:

(מיט ביטערקייט) שיין, שיין! אַך, קינדער, קינדער, איר ווילט מיך ניט פאַרשטיין. מיין גאַנצע שיינקייט בין איך גרייט אָפּצו־געבן פאַר אַ מאָמענט פון ריכטיקן לעבן, אינהאַלטספולן לעבן, אַ לעבן פול מיט קראַפט, מיט שיינקייט, ווי פריער. עס ווילט זיך אַזוי אַרומנעמען דאָס לעבן מיט אַלע כוחות, מיט דער גאַנצער ליידנשאַפט, צודריקן דאָס לעבן צום האַרצן, און לאַכן פרייען זיך... לאַכן, לאַכן פון דער גאַנצער ברוסט, לאַכן געזונט, קרעפטיק, נצחונ׳דיק, קלאַנגפול, און דרייען זיך, ווי גרעטל האָט פריער געזאָגט, אין אַ וואַנזיניקן קאַראַהאָד! אַך!

(מ׳הערט מאַרטאַ לעוועטאַל׳ס שטימע: „גרעטע, ביטע!" גרעטע אָפּ)

לאָרע:

(צו קאָנסטאַנצע׳ן) דו ווייסט, קאָנסטאַנצע, אַז איך האָב דיך ליב, ניט נאָר ווי מיינע אַ שוועגעריץ און מיינע אַ קוזינע. ווי

אַ שוועסטער ביזטו מיר טייער! עפן מיר דיין האַרץ! זאָג מיר, וואָס טוט זיך ביי דיר? וואָס לאָזט דיך ניט פירן אַן אינהאַלטס־פולן לעבן, ווי דו האָסט זיך אויסגעדריקט? זאָג דאָך, איך בעט דיך, זאָג!

קאָנסטאַנצע:

איך בין מיד, זייער מיד... אַנטוישט...

לאָרע:

דו זאָלסט דאָס זאָגן, דו... אַ מענטש מיט אַזוי פיל מעלות, אַ מענטש, וועלכער קען אַנדערע באַגייסטערן, אַ מענטש, וועלכער האָט געקעמפט... דו, דו ביזט מיד...

קאָנסטאַנצע:

יאָ! עס איז ניט צו מאַכן... אַזוי איז עס... איך בין מיד... אַנטוישט... פאַרלוירן דעם גלויבן אין אַנדערע און אין זיך אַליין. (קליינע פויזע) לאָרע! איר אַלע ווייסט מיינע באַציאונגען צו דר. שולץ. איר ווייסט, אַז אונזערע הערצער זיינען פאַרבונדן פון אַ לאַנגער צייט. מיר בידע האָבן געאַרבעט, געשטרעבט, געבויט שלעסער, געקעמפט פאַר אַ בעסער און שענער לעבן פאַר אַלע מענטשן. איצט — אַלעס פאַרביי. ער איז דאָך אַן אַריער... קענסט לייענען זיין בריוו. קענסט לייענען הויך. מער קיין שמערצן וועט דאָס מיר ניט פאַרשאַפן.
(לאָרע לייענט: „מיין ליב, איינציק מיידל, מיין קאָנסטאַנצע! דיין געשטאַלט וועט אייביק זיין איינגעקריצט אין די טיפענישן פון מיין האַרצן. דאָס פאַרשאָלטענע לעבן ווייזט זיך אַרויס שטאַרקער ווי מיר. אונזערע וועגן וועלן זיך מוזן צעשיידן. אויב ניט — וועלן מיר ביידע מוזן פאַרברייגגען אונזערע יאָרן אין געפענגעניש. דו — לענגער ווי איך! זיי מוטיק! דו וועסט נאָך דיין גליק געפינען! דו ביזט אַ טאָכטער פון אַן אַלט פאָלק, וואָס איז געוואוינט צו ליידן און צו קעמפן. אין זיין ליידן איז עס אויך שטאָלץ און ווירדיק! וואָס מיט מיר וועט זיין — ווייס איך ניט! זאָרג ניט! פיל גליק אין דער צוקונפט ווינטשט דיר, אייביק דיינער, פרידריך”)
(ווערנער קומט אַריין)

ווערנער:

גוטן אוונט! וואָס זיצט איר ווי צוויי טייבעלעך? וואו איז גרעטל?

קאָנסטאַנצע:

גרעטל איז ביי דער מוטער. זי העלפט איר אין קיך.

לאָרע:

(צו ווערנער'ן) זאָג מיר, ווערנער: איז דאָס ניט שרעקלעך פון קאָנסטאַנצע'ן? זי זאָגט, אַז זי איז מיד, אַנטוישט, און אַז דאָס לעבן האָט פאַרלוירן ביי איר זיין רייץ, זיין אינהאַלט.

ווערנער:

פּפוי, קאָנסטאַנצע, שעם זיך! איך רייד צו דיר, ניט נאָר ווי צו אַ שוועסטער, וועלכע איך האָב ליב, איך רייד צו דיר, צו אַ מענטשן, וועלכן איך פאַרעהר. דו ביזט אַ יונגער, געזונטער, קרעפטיקער מענטש, מיט בילדונג און דערפאַרונג אין לעבן. דו האָסט פיל געריייזט, פיל געלערנט, פיל געקעמפּפט, פיל דורכ־געמאַכט... און דו, דו, אַ מענטש, וועלכער קען אַרבעטן און מוז אַרבעטן, קעמפן, אַנדערע באַגייסטערן, לייגסט צוזאַמען די הענט אין שוים און פּאַרטיק! מיד... קיין ציל... קיין צוועק...! ניין, קאָנסטאַנצע, איצט איז ניט די צייט צו לאָזן זיך באַאיינפלוסן פון שטימונגען, און זיך לאָזן באַזיגן פון ריין־פּערזענלעכע זאַכן! קאָנסטאַנצע, מיין ליבע שוועסטער! איך פיל, איך וויים, וואָס עס טוט זיך איצט ביי דיר אין האַרצן. איך וויים אַלץ... אַלץ, פון דיינע פּערזענלעכע שמערצן. קעמפן מוזן מיר אַלע! אַרבעטן!... דו הערסט דאָך, וואָס פאָטער זאָגט: „אַ געוויטער איז געקומען... אַ שטורעם־ווינט!"...

קאָנסטאַנצע:

יאָ, ווערנער, דו ביזט גערעכט! וואָס זאָל איך אָבער טאָן?

ווערנער:

דו, קאָנסטאַנצע, די בעסטע און פּעאיקסטע פון אונז אַלעמען, דו פרעגסט ביי מיר, וואָס דו זאָלסט טאָן? אַרבעטן, ליב קינד, קעמפן... יעדערער פון אונז איז איצט אַ סאָלדאַט... ווידמע זיך אַ נייעם אידעאַל און קעמף פאַר דעם אידעאַל!

לאָרע:

(צו קאָנסטאַנצע'ן) זייט דעם, ווי איך האָב געפונען אַ זין אין לעבן, אַן אידעאַל, ווי ווערנער רופט עס, בין איך גליקלעך. איך בין מיט צוואַנציק יאָר אינגער געוואָרן! אמת, ווערנער?!

ווערנער:

(צו לאָרע'ן) הייסט עס, דו ביזט איצט אַ זויג־קינד! זאָל איך דיר געבן אַ סאָסקע? אַ שיינע פרוי האָב איך אויסגעזוכט! אַ מפּיל־קינד!

(אַלע לאַכן)

קאָנסטאַנצע:

קינדער! ווען איך בין צווישן אייך, פיל איך מיך טאַקע אינגער, קרעפטיקער, לוסטיקער. ע, קאָנסטאַנצע, קאָנסטאַנצע, פליגלען פעלן דיר! אָפּגעהאַקט!...

לאָרע:

(צו קאָנסטאַנצע'ן) דו זעסט? דו מוזט שטענדיק זיין מיט אונז, און מיט אונז צוזאַמען פאָרן קיין ארץ־ישראל.

ווערנער:

איך דענק, אַז פאַר קאָנסטאַנצע'ן איז בעסער, ווען זי וואָלט דורכגעמאַכט אַן אינערלעכע הכשרה. (צו לאָרע'ן) דו וואָלסט איר געדאַרפט העלפן אין דער דאָזיקער הייליקער אַרבעט. נאָכ־דעם קען מען ריידן וועגן אַן עליה קיין ארץ־ישראל.

קאָנסטאַנצע:

(צו ביידן) עס גייט ניט אַזוי שנעל, קינדער! ביי איר, יונגע מענטשן, איז דאָס גאַנץ אַנדערש.

לאָרע:

(צו קאָנסטאַנצע'ן) ווידער מיט דיינע נאַרישקייטן. אַלט, יונג! אַך, קאָנסטאַנצע, אַ שיין לעבן וועלן מיר אויפבויען. וואַרט נאָר!

קאָנסטאַנצע:

גוט. איך וואַרט. איך האָב צייט. מיר מוזן זיך אַלע איצט באַוואָפענען מיט געדולד. אָבער די עלטערן?... זייער לאַגע איז זייער טרויעריק! דאָס, וואָס פאָטער האָט איצט אויסגע־שטודירט די אידישע געשיכטע און אויסגעפונען דעם שווערן וועג, וועלכן אונזער פאָלק האָט דורכגעמאַכט, דאָס מאַכט אים לייכטער צו דערטראָגן דעם שווערן גורל. ער ווייסט איצט, פאַר וואָס מיר ליידן! אויך איך האָב פיל געלייענט, פיל געלערנט. די אויגן האָבן זיך ביי אונז אַלעמען געעפנט. מיר האָבן דער־וואַכט פון טיפן שלאָף. ער, פאָטער, פאָטער, ווי ריכטיק זיינען דיינע ווערטער: „אַ שטורעם־ווינט... געוויטער...״ (קליינע פויזע) קינדער, איך גיי צום פאָטער. ער איז אַליין אין זיין צימער. (אָפּ)

לאָרע:

אַ פיינער, ערלעכער מענטש איז קאָנסטאַנצע! איך האָב זי זייער ליב!

ווערנער:

צו איר נשמה מוז מען פאַרזיכטיק צוגיין. זי האָט פיל דורכ־געמאַכט... אַ סך אַנטוישונגען... פאַרלוירן דעם גלויבן אין מענטשן און אין זיך אַליין... ביז זי וועט געפינען דאָס, וואָס זי האָט פאַרלוירן, וועט נעמען צייט. נאָר פאַרזיכטיק מיט איר!

לאָרע:

איך האָף, אַז אין ארץ־ישראל וועט זי ווערן אַן אַנדער מענטש! אַ נייַ לעבן, אַן אַנדער סביבה, אַנדערע צילן, אַנדערע שטרע־

בונגען... דער עיקר — פיל ארבעט, צווישן די העלדישע אנשטרענגונגען פון אונזערע חלוצים... קאנסטאנצע איז א מענטש מיט אידעאלן. זי וועט זיך באשטימט דארט איינלעבן.

ווערנער:

אז אידעאליזם, אז פייער אין הארצן, אז פארבארייטונג צו יעדן קרבן, טאר מען קיין ארץ־ישראל ניט פארן.

לארע:

איך בין איבערצייגט, אז אין ארץ־ישראל, מיט אונז צוזאמען, איז איר ריכטיקער פלאץ אין לעבן. זי איז מיר אזוי ליב, ווי א שוועסטער.

ווערנער:

זי איז דאך מיין שוועסטער, איז זי אויך דיינע.

לארע:

געוויס. אך, ווערנער, ווי ליכט און גוט איז מיר מיט דיר, האנט אין האנט, צו גיין אין לעבן. איך בין גליקלעך, וואס איך באזיץ דיך, וואס דו ביזט מיינער! דאס רעדט אין מיר ניט דאס נאטירלעכע געפיל פון ליבע, נאר אויך דער מענטש, וועלכער דענקט. אלץ, אלץ ביזטו ביי מיר! אין מיינע אויערן קלינגט נאך איצט דיין איינפאכע ליבעס־דערקלערונג: „לארע", האסטו דעמאלט געזאגט, „איך ליב דיך. זיי מיין פרוי! איין באדינגונג נאר: ביידע זאלן מיר ארבעטן צוזאמען פאר אונזער אידעאל!" איך הער נאך איצט דעם קלאנג פון דיינע ווערטער. ווי גרויס ביזטו דעמאלט געווען אין מיינע אויגן! איך ליב דיך, ווערנער!

ווערנער:

(באגייסטערט) איך בין זייער גליקלעך, וואס איך האב דיך! ווייסטו, לארע, איין אומגליק, נאר אן אומגליק, האב איך געמיינט, אז איך פארליר דיך! דער אומגליק איז געווען פאר מיר אן אייביקייט! ניין, ניט נאר איך פארליר דיך, נאר מיר פארלירן זיך ביידע, און אונזערע וועגן גייען זיך פאנאנדער!

לאָרע:

(קוקט אים אָן מיט שרעק, פאַרוואונדערט) ווען, ווען, זאָג מיר?!

ווערנער:

דעמאָלט, אין ווייַנאַכט אוונט, ווען דו ביזט געקומען אין מיין צימער רופן מיך, אַז איך זאָל פייערן צוזאַמען מיט אונזער פאַמיליע דעם דאָזיקן אוונט! קענסט זיך דערמאָנען? איך האָב דיר פעסט, קאַטעגאָריש געענטפערט: „ניין, איך גיי ניט!" און ווען דו האָסט מיך דעמאָלט געבעטן: „ווערנער, טו דאָס צוליב מיר", האָב איך דיר נאָך שטאַרקער געענטפערט: „ניין, דאָס טו איך ניט!"

לאָרע:

(באַרואיקט, שטראַלט פון אינערלעכן גליק) מיין ליבער! מיין ליבסטער ווערנער! פון אָט־יענעם אוונט האָב איך דיך געליבט שטאַרקער, הייסער. אין יענעם אוונט ביזטו הויך אויסגעוואַקסן אין מיינע אויגן. ווי אַ הויכער באַרג האָסטו דעמאָלט אויסגעזען, וואָס זיין שפּיץ איז ניט לייכט צו דערגרייכן! (פּויזע) פאַר מיינע דעמאָלט אַרויסגעזאָגטע ווערטער שעם איך זיך, נאָך איצט... איך בין דאָך אָבער אַ פרוי... אַ פרוי, וועלכע ליבט, ליבט שטאַרק!...

ווערנער:

דאָס פאַרשטיי איך, ליבע לאָרכען! ווייסטו, ניט לאַנג צוריק איז מיר פּלוצלינג געקומען אַ געדאַנק: וואָס וואָלט געווען, ווען איך פאַרליר דיך דעמאָלט?

לאָרע:

(מיט שרעק, נייגעריק) נו, וואָס וואָלט געווען? זאָג זשע!

ווערנער:

לאָרע! דיין ליבע צו מיר גיט מיר שטענדיק קראַפט, מוט, פרייד, באַגייסטערונג, גלויבן — אַלץ וואָס איז נייטיק פאַר

א וויכטיקער קאמף־אַרבעט! ווען איך וואָלט דיך דעמאָלט פאַרלוירן, האָב איך דאָ ניט לאַנג געקלערט, וואָלט מיין ארבעט דערפון זייער געליטן. איך וואָלט, נאַטירלעך, אָנגעהאַלטן מיין טעטיקייט, איך וואָלט געאַרבעט אַ סך, אפשר אויך פיל מער ווי איצט, אָבער אין דער ארבעט מיינער וואָלט געפעלט, ווי זאָל איך דיר דאָס דערקלערן, דער גייסט, דאָס הייליקע פייער, דער ברען, די באַגייסטערונג, אָט דאָס, וואָס עס גיט מיר דיין ליבע!

לאָרע:

(גליקלעך, שטראַלט, איז שטאָלץ) ווי גליקלעך האָסטו מיך איצט געמאַכט מיט דיינע ווערטער! אין מיין האַרץ איז פרילינג! ווייסטו, מיין ווערנער, ווען איך וואָלט נאָר געווען אַ פרוי, וועלכע ליבט, וואָלט אין יענעם אוונט, וועלכן דו האָסט דאָ דערמאָנט, אין אמת'ן געדאַרפט זיך אויפהויבן אַ שטורעם אין מיין האַרצן, אַ פּראָטעסט־געפיל געגן דיר און דיין אַרבעט. אין מיין נשמה וואָלט דעמאָלט, מיט דער גאַנצער קראַפט, געדאַרפט ריידן די איפערזוכט, דאָס שטאַרקע געפיל פון אַ פרוי, וועלכע וויל זיך ניט טיילן, וויל האָבן דעם גאַנצן מאַן, פאַר זיך. (פויזע) גאָט צו דאַנקען, בין איך ניט באַזיגט געוואָרן פון די דאָזיקע געפילן, ווייל איך בין שוין דעמאָלט געווען ניט נאָר אַ פרוי, וועלכע ליבט, נאָר אויך אַ וואָפן־טרעגער, דיין מיטקעמפּער, דיין קאַמעראַד!

ווערנער:

מיין גאָלדענע פרוי! אַ ניי לעבן וועלן מיר אויפבויען אין ארץ־ישראל, אַן אינהאַלטסרייך, באַגייסטערט לעבן, אַ פריי־לעבן! קינדער זאָלסטו מיר ברענגען: אינגלעך, אינגלעך, דו הערסט!

לאָרע:

(עטוואָס שעמעוודיק) געווים, אָבער אויך מיידעלער, דיר אויף צו להכעים! (זיי נעמען זיך אַרום, קושן זיך; ביי דער סצענע קומט אַריין גרעטע)

גרעטע:

(שטעלט זיך אַוועק לעבן טיר, פאַרלייגט די הענט) נו, וואָס זאָגסטו צו די טייבעלעך! קורט און איך פאָרן מאָרגן אַוועק, און זיי פרייען זיך! קיין אַנדער צייט אויף האַלזערייען און קושערייען האָט איר ניט געקענט געפינען?! (נעמט זיי ביידן אַרום און קושט זיי)

ווערנער:

(צו גרעטע'ן) וואו איז קורט?

גרעטע:

ער לויפט אַרום אַ גאַנצן טאָג געזעגענען זיך מיט פריינד און באַקאַנטע. יאָ, מאָרגן אין דער צייט וועט אונז די באַן טראָגן דורך פעלדער און וועלדער, טאָלן און בערג!
(אַביסל טרויעריקע שטימונג)

לאָרע:

וואו איז קאָנסטאַנצע?

גרעטע:

זי איז מיט'ן פאָטער, אין זיין צימער.

לאָרע:

איך גיי זי רופן. (אָפּ)

גרעטע:

מוטער וויינט, זי קען זיך ניט באַרואיקן. זי איז זייער טרויעריק, וואָס מיר פאָרן מאָרגן אַוועק.

ווערנער:

קאָנסטאַנצע און לאָרע וועלן זי באַרואיקן און אַכטונג געבן אויף איר.

גרעטע:

איר פאָרט דאָך אויך באַלד אַוועק קיין ארץ־ישראל. אַזוי ווערן מיר צעזייט און צעשפּרייט. (זיפצט)

(פראַניץ לעווענטאַל, לאָרע און קאָנסטאַנצע קומען אַריין. פראַניץ לעווענטאַל געבויגן, פיל עלטער געוואָרן)

פראַניץ:

עס איז דאָך פרילינג, און אַזאַ געוויטער אין האַרצן... אַ שטורעם־ווינט...

(גרעטע אָפּ)

ווערנער:

קאָפּ הויך, פאָטער! עס וועלן נאָך קומען גוטע צייטן. די האָפענונג ניט פאַרלירן. דו הערסט, פאָטער! (גלעט אים די האָר פון קאָפּ)

(מאַרטאַ און גרעטע קומען אַריין)

מאַרטאַ:

(קוקט אום טרויעריק. וואַרפט טרויעריקע בליקן אויף די וואַליזעס. נעמט אָרום גרעטע'ן) גרעטל! איך בעט דיך, נעם די וואַליזעס אַוועק. איך קען זיי ניט אָנקוקן.

(קורט קומט אַריין)

גרעטע:

מוטער, איך בעט דיך! זיי ניט טרויעריק! איך וועל דיר שיקן גרינסן, געפלאַנצטע מיט מיינע אייגענע הענט!

קורט:

און איך וועל אייך שיקן עופות, ביי מיר אַליין אויסגעהאָדעוועטע!

פראַנץ:

(זיפצט) אַ שיינע אַרבעט!

ווערנער:

אַ וואונדערבאַרע אַרבעט, פאַטער! אַ געזונטע, אַ פּראָדוק־טיווע, אויף דער פרייער נאַטור.

קורט:

די נאַטור מאַכט דעם מענטשן פריי. מענטשן זיינען דאָרט ווי פייגל. הינער, אַט אַזעלכע, (ווייזט מיט די הענט) וועל איך אַליין אויסהאָדעווען!

קאָנסטאַנצע:

קורט, איך וועל דיר געבן אַ גוטע עצה: דו זאָלסט דיינע הינער ניט געבן צופיל פרייהייט, וואָרים דו קענסט נאָך בלייבן מיט דער פרייהייט, און די הינער — היידאַ! (אַלע לאַכן)

(האַנס קומט אַריין)

קורט:

(צו קאָנסטאַנצע'ן) לאָך, לאָך! איך שווער דיר, אַז אין ארץ־ישראל וועסטו אַליין האָדעווען הינער.

האַנס:

אַ קאָמעדיע מיט קורט'ן! אומעטום איז ער דאָ מיט זיינע הינער. וואו ער שטייט און וואו ער גייט, זעט ער נאָר הינער.

קורט:

(צו האַנס'ן) און וואָס זעסטו, חכם מיינער?

האַנס:

איך זע שוין גענוג. (צו גרעטע'ן) מאָרגן אַלזאָ... געפאָרן... באַשטימט...

מאַרטאַ:

(צו האַנס'ן) דערמאָן מיר ניט דעם מאָרגנדיקן טאָג! (וויינט)

קאָנסטאַנצע:

מוטער, וואָס איז מיט דיר? שעם זיך! אַ מוטער, וועלכע האָט אַזעלכע קינדער, ווי ווערנער, גרעטל, האַנס, לאָרע, קורט, טאָר אַזוי ניט ריידן! די יוגנט מוז גיין איר וועג! זיי זיינען יונג, זיי ווילן זיגן!

מאַרטאַ:

(צו קאָנסטאַנצע'ן) אויך מיט דיר, מיין קינד, בין איך שטאָלץ! איך בין דאָך אָבער אַ מאַמע! דאָס קענסטו ניט פאַרשטיין, מיין קינד! (צעוויינט זיך)

פראַנץ:

(צו זיך) דאָס געוויטער צווינגט... אַ שטורעם־ווינט... (צו מאַרטאַ'ן) גענוג אָבער, מאַרטאַ. זיי שטאַרק, זיי מוטיק! דו ביזט דאָך די פרוי פון פראַנץ לעווענטאַל! (שטייט אויף פון זיין פּלאַץ; שטרעקט אויס זיין ברוסט, ווי אַמאָל אין די גוטע יאָרן) דו הערסט, וואָס איך זאָג דיר! קאָפּ הויך!

מאַרטאַ:

גוט! איך וויין ניט מער, פראַנצל!

(לאָטע קומט אַריין מיט בלומען. זי גיט זיי גרעטע'ן)

לאָטע:

גוטן אוונט, גנעדיקע פרוי! גוטן אוונט, גנעדיקער הער! גוטן אוונט, מיינע הערשאַפטן!

אַלע:

(באַגריסן זי וואַרעם, דריקן איר די האַנט) גוטן אוונט, לאָטע!

(גרעטע באַדאַנקט איר פאַר די בלומען)

מאַרטאַ:

(צו לאָטע'ן) ווי גייט עס אייך אויף דער נייער שטעלע?

לאָטע:

א דאַנק פאַר׳ן פרעגן, גנעדיקע פרוי. מ׳מוז צופרידן זיין. אַזוי גוט, ווי ביי אייך אין הויז, וועל איך שוין מער ניט האָבן. איך וועל אייך קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

פראַנץ:

יע! געוויטער... א שטורעם־ווינט!...

לאָטע:

פריילין גרעטע, איר פאַרט מאָרגן אַוועק. איך בין געקומען זיך געזעגענען מיט אייך, און ווינטשן אייך פיל גליק.

גרעטע:

(נעמט אַרום לאָטע׳ן. לאָטע וויינט) איך דאַנק אייך זייער! עס איז זייער פיין פון אייך, פריילין לאָטע, וואָס איר זיינט געקומען.

האַנס:

(צו גרעטע׳ן) גרעטעלע, נאַר! דו מיינסט, פריילין לאָטע איז געקומען צו דיר? זי איז גאָר געקומען זען ווערנער׳ן! זי איז דאָך אין אים פאַרליבט!

לאָטע:

(שעמעוודיק) אָבער, הער האַנס! ווי קאָנט איר דאָס גאָר זאָגן, אַזעלכעס! איך בין דאָך אַ אַריערין! (שמייכלט)

לאָרע:

(צו לאָטע׳ן) פאַרוואָס זאָלט איר ניט ליב האָבן מיין מאַן?! איז דען הער ווערנער ניט שיין? איך בין ניט אייפערזיכטיק! (אַלע לאַכן)

מאַרטאַ:

(צו לאָטע׳ן) איך בעט אייך, לאָטע! זעצט זיך, מיר וועלן טרינקען קאַפע.

לאָטע:

איך דאַנק אייך זייער, גנעדיקע פרוי! איך מוז לײדער גײן. איך בין אַרײַנגעשפּרונגען צו אייך אויף אַ מינוט, נאָר זיך געזעגנען מיט פרײַלײן גרעטל און הער קורט. איך טאָר דאָך אייער הויז ניט באַטרעטן! אַ, ווען די נאַצי פרויען־אָרגאַניזאַציע (פאַרביטערט און פאַראַכטנד) דערוויסט זיך, אַז איך בין ביי אייך געווען, באַקום איך אַ שווערע שטראָף. וואָס זאָל איך אָבער טאָן? עס ציט מיך צו אייך, אין אייער הויז, וואו איך האָב מײנע שענסטע יאָרן פאַרלעבט און וואו מיר איז געווען אַזוי גוט. ווען איך וואָלט אַלט געווען 45 יאָר, וואָלט איך געקענט ביי אייך, לויט דעם געזעץ, בלייבן. אַן געהאַלט וואָלט איך אייך געדינט, און מיט אַלץ זיך מיט אייך געטיילט. (קוקט אַרום דאָס צימער, שאָקלט טרויעריק מיט'ן קאָפּ)

האַנס:

(צו לאָטע'ן) דאָס אָבער גלויב איך אייך ניט, פרײַלײן לאָטע, אַז איר וואָלט שוין וועלן אַלט זײַן 45 יאָר. אַלע פרויען ווילן דאָך שטענדיק זײַן יונג.

לאָטע:

איך שווער אייך, הער האַנס! אין דעם פאַל, גלויבט מיר, טוט עס מיר זייער לייד, וואָס איך בין אינגער. איך וויל נאָר מיט אייך צוזאַמען זײַן. נו, מײַנע הערשאַפטן, אַ גוטע נאַכט! פיל גליק, פרײַלײן גרעטל און הער קורט! (אַלע: אַ דאַנק, פרײַלײן לאָטע! אַ גוטע נאַכט! אייך אויך פיל גליק!)

(לאָטע אָפּ)

מאַרטאַ:

אַ וואונדערבאַרע מיידל איז לאָטע!

פראַנץ:

צען יאָר ביי אונז געווען. ווי אַן אייגן קינד האָסטו זי באַהאַנדלט.

(עריך קומט אַרײַן. אַלגעמײנע באַגריסונג)

האַנס:

(צו עריך'ן) נו, ווי געפעלט דיר דיין אַרבעט?

עריך:

אויסגעצייכנט! איך בין צופרידן! די טישלעריי גיט מיר אַסך פאַרגעניגן! גאָט צו דאַנקען, פּטור געוואָרן פון זייער פאַר־שאָלטענער שול!

האַנס:

(צו עריך'ן) קענסטו שוין מאַכן אַ „נאַכט־שטול"?

עריך:

(מיט שטאָלץ) געוויס!

(אַלע לאַכן)

האַנס:

אויב אַזוי, מזל־טוב דיר!

עריך:

(צו האַנס'ן) און דו?

האַנס:

מיין מייסטער איז צופרידן. ער זאָגט, אַז באַלד וועל איך שוין קענען צו יעדן שלאָס מאַכן אַ שליסל, און אַז פון מיר וועט אַרויסקומען אַ גוטער שלאָסער!

פראַנץ:

(צופרידן) זייער גוט, מיין זון! אַרבעט נאָר!

קורט:

(צו האַנס'ן) פאַרגעס ניט צו מאַכן אַ גוטן שלאָס פאַר מיינע הינער, „הער שלאָסער־מייסטער"!

(אַלע לאַכן)

מאַרטאַ:

די קינדער פאַרן מאָרגן אָפּ און מאַכן זיך אַביסל פריילעך!

קאַנסטאַנצע:

ריכטיק! לאַכן, נאָר לאַכן, אונזערע פיינט (פאַרביטערט) אויף צו להכעיס!

(טרודע קומט אַריין. אַלגעמיינע באַגריסונג)

טרודע:

זאָגט אונז מזל־טוב! מיינע עלטערן האָבן שוין אַלע פּאַפּירן פאַר פּאַלעסטינע, און קענען באַלד אָפּפאָרן. מיין מוטער דער־ציילט, אַז ביים באַקומען די פּאַפּירן, זיינען געשטאַנען הונ־דערטע מענטשן מיט אויסגעשטרעקטע הענט און בעטנדיקע בליקן: גיט אונז סערטיפיקאַטן! האָט רחמנות!

(אַלע גראַטולירן טרודע'ן)

מאַרטאַ:

שרעקלעך! (צו טרודע'ן) און דיין ברודער?

טרודע:

ערנסט וויל ניט אין פּאַלעסטינע. ער פאָרט קיין אַרגענטינע און האָט שוין אויך זיינע פּאַפּירן. אויך ער דערציילט, אַז טויזנטער מענטשן שטייען טאָג־איין, טאָג־אויס, און וואַרטן אויף זייער גליק — אויסצוואַנדערן אין די ווייטע לענדער.

האַנס:

בראַוואָ! זעסטו, ווערנער!

ווערנער:

(צו האַנס'ן) וואָס איז ביי דיר די שמחה אַזוי גרויס?!

האַנס:

(צו ווערנער'ן) ווייל ערנסט געהערט צו מיין ריכטונג. ער פאָרט ניט קיין פּאַלעסטינע!

קורט:

(צו האַנס'ן) פאַרפאַלן! פון דיר וועלן מיר שוין קיין מענטש ניט מאַכן! (שמייכלט) דו ביזט פאַרלוירן, אינגל!

האַנס:

(צו קורט׳ן) ניט אַלע קענען זיין, ווי דו...

עריך:

און דאַרפן ניט זיין!

האַנס:

ריכטיק!

ווערנער:

(צו קורט׳ן) האַנס, עריך, ערנסט און אַלע זייערע חברים האָבן אַ רעכט אויף זייער מיינונג. זייער אינערלעכע סטרוקטור איז אַנדערש, ווי ביי אונז. זאָלן זיי נאָר זיין גוטע מענטשן און איבערגעגעבענע אידן!

(האַנס, עריך: געוויס!)

טרודע:

(צו ווערנער׳ן) איז דאָס נאָר אַן אינערלעכע, געפיל־אַנגע־לעגנהייט?

לאָרע:

(צו טרודע׳ן) אין אַ געוויסער מאָס. דאָס געפיל שפּילט דאָ אַ גרויסע ראָלע.

קורט:

אין דער פאַמיליע זיינען דאָ פיר קינדער, און אַלע פילן פאַרשידן.

האַנס:

עס שטימט ניט! אין אונזער פאַמיליע זיינען דאָ אַכט מענטשן, און פאַרטיילט נאָר אויף צוויי פאַרטייען.

לאָרע:

ווי אַזוי מאַכסטו דיין חשבון?

האַנס:

(צו לאָרע'ן) דו, ווערנער, גרעטל און קורט—איר זיינט ציוניסטן. פאָטער, מוטער, קאָנסטאַנצע; איך — מיר פאַרטרעטן אַן אַנדער מיינונג. מיר זיינען ניט קיין ציוניסטן.

ווערנער:

אידן זיינט איר דאָך אָבער, שטאָלצע אידן!

האַנס:

געווים, שטאָלצע אידן!

פראַנץ:

אַלע זיינען מיר געוואָרן אידן, און בלייבן אידן! אַ געוויטער... אַ שטורעם-ווינט!... מיר האָבן דערוואַכט פון שלאָף...

קורט:

ריכטיק!

קאָנסטאַנצע:

איך געהער איצט ניט צו קיין פּאַרטיי. (ענערגיש) איך בין אָבער אַ אידין, וועל אַ אידין בלייבן און מיט שטאָלץ טראָגן די געלע לאַטע! (אַלע: וואונדערבאַר, קאָנסטאַנצע!)

ווערנער:

די פריערדיקע (מיט אַ שמייכל) „אַלטע" קאָנסטאַנצע!

פראַנץ:

אויך איך געהער ניט צו קיין פּאַרטיי. איך בין אָבער אַ איד, און איך בין שטאָלץ מיט מיין אידישקייט! (צו מאַרטאַ'ן) און דו, אַלטע?

מאַרטאַ:

אַ מוטער גייט שטענדיק מיט אירע קינדער!

(אַלע: וואונדערבאַר, מוטער!)

פראַנץ:

(צו מאַרטאַ'ן) דו האָסט דאָך אָבער געהערט: די קינדער זיינען פאַרשידן אין זייערע מיינונגען.

מאַרטאַ:

דאָס קען אַ מאַן ניט פאַרשטיין! יעדעס קינד איז אַ שטיק פון מוטער׳ס האַרץ. אַ מוטער גייט מיט אַלע קינדער. די מוטער, וואָס גייט ניט מיט אירע קינדער צוזאַמען, איז ניט קיין ריכטיקע מוטער!

קאָנסטאַנצע:

(צו מאַרטאַ׳ן) ווי שיין דו האָסט דאָס געזאָגט, ליבע מוטער!

(אַלע קינדער, באַגייסטערט פון מוטער׳ס ווערטער, גייען צו איר צו, קושן זי)

ווערנער:

(צו מאַרטאַ׳ן) וואונדערבאַר, מוטער! (שמייכלט) דו ביזט דאָך אָבער מיט אונז!

קורט:

(צו האַנס׳ן) נו, האַנסל, וואו איז דיין סטאַטיסטיק?

האַנס:

(צו קורט׳ן) איך בין ניט קיין סטאַטיסטיקער. איך בין אַ שלאָסער. פאַרשטייסט?

פראַנץ:

(פאַרביטערט) אַ שלאָסער, אַ שלאָסער...

האַנס:

ניט קוקנדיק אויף דער שרעקלעכער אינקוויזיציע, וועלכע איך האָב דורכגעמאַכט אין מיין שול נאָך יענעם חנוכה אָוונט, ווען די נאַציס זיינען ביי אונז געווען, בין איך גליקלעך, וואָס זיי האָבן מיך פון דער שול אַרויסגעטריבן, און איך בין געוואָרן אַ שלאָסער! פאָטער! גלויב מיר, איך בין גליקלעך און צופרידן!

עריך:

אויך איך בין גליקלעך, וואָס איך בין אַ סטאָליער!

מאַרטאַ:

(צו האַנס׳ן און צו עריך׳ן) געבענטשט זאָלן זיין אייערע הענט! (צו אַלעמען) זייט מיר אַלע גליקלעך, וואו איר זיינט און וואָס איר זיינט!

טרודע:

דער הער אַבער־קאַנטאָר האָט אונז דערציילט, אַז אַלע גרויסע מענטשן פון אונעזר געשיכטע, אַלע חכמים, זיינען געווען באַל־מעלאָכעס.

לאָרע:

ריכטיק! און זיינען פאַרבליבן באַלמעלאָכעס זייער גאַנץ לעבן!

טרודע:

(צו מאַרטאַ׳ן) פרוי לעווענטאַל! אַלס פריינט פון אייער פאַמיליע, דערלויב איך מיר צו שטעלן אייך אַ פראַגע: (אַלע נייגעריק) גרעטל און קורט פאָרן מאָרגן אַפּ. ווערנער און לאָרע פאָרן אויך באַלד קיין ארץ־ישראל. קאָנסטאַנצע און האַנס בלייבן פאַרלויפיק דאָ. וואָס וועט זיין מיט דער מוטער׳ס האַרץ? (אַלע קוקן זי אָן בייזלעך. זייערע בליקן זיינען געווענדט צו איר, ווי זיי וואָלטן וועלן זאָגן: נו, אַ חכמה! קיין אַנדער פראַגע האָסטו ניט? די ריכטיקע צייט איצט אויסגעקליבן! טרודע פאַרשטייט זייערע בליקן, און פאַרענטפערט זיך מיט די דאָזיקע ווערטער:) קינדער! עס איז ניט צו מאַכן! אין אונזער פאַמיליע און אין אַנדערע אידישע פאַמיליעס איז די זעלבע טראַגישע פראַגע. פאַמיליעס ווערן צעבראָכן, צעזייט און צעשפרייט...

פראַנץ:

(צו טרודע׳ן) פאַרוואָס פרעגסטו ניט, וואָס וועט זיין מיט דעם פאָטער׳ס האַרץ? איך האָב דאָך אויך אַ שטיקל האַרץ.

ווערנער:

(מאַכט טרודע׳ס פראַגע לעכערלעך; וויל אַריינטראָגן אַביסל הייטער־קייט אין דער געשאַפענער שטימונג) (צו פראַנץ׳ן) ווייל נאָר אַ

שטיקעלע הארץ איז ביי דיר געבליבן, פאטער. דו ביזט דאך געוועזן א פראנט־קעמפער, א פאטריאט. דאס „גאנצע" הארץ האסטו אפגעגעבן אונזער (פארביטערט און איראניש) דייטשן פאטערלאנד!

טרודע:

(שטייט ניט אף פון דער פראגע, וועלכע זי האט בארירט) אנטשולדיקט: איך האב געהאט א טעות. איך מיין: דאס הארץ פון די עלטערן.

מארטא:

(צו טרודע'ן) אז אומגעוויינלעך שווערע פראגע האסטו געשטעלט, טרודעלכען! (וויל איר פארטיידיקן און ארויסנעמען פון דער פארלעגנהייט און שולדיקייט, אין וועלכער זי געפינט זיך) אבער א וויכטיקע פראגע, וועלכע מוז געפרעגט ווערן. איינס קען איך דערויף ענטפערן: שווער, זייער שווער צו זיין א אידישע מאמע! דאס הארץ בלוטיקט! (זי האלט זיך מוטיק)

טרודע:

מיין מוטער זאגט אויך די זעלבע ווערטער.

קאנסטאנצע:

ס'איז א שרעק מיט די עלטערן! שטענדיק ווילן זיי, אז זייערע קינדער זאלן אייביק בלייבן ביי זיי און מיט זיי, אט ווי קורט וויל, אז זיינע „הויכגעשעצטע" הינער זאלן אים תמיד באגלייטן. (די יוגנט לאכט)

מארטא:

(צו קאנסטאנצע'ן) איך דאנק דיר, מיין קינד, וואס דו ווילסט אריינברענגען אביסל הייטערקייט אין אונזער איצטיקער געדריקטער שטימונג. (צו האנס'ן) שפיל, איך בעט דיך, א טרויעריק ליד. זאל זיך מיין הארץ ריכטיק אויסוויינען. עס וועט מיר לייכטער ווערן. איך זאג אייך צו, קינדערלעך, אז מער

וועל איך ניט וויינען. ווען איר וועט אפּפאָרן, וועל איך זיין פריילעך, לוסטיק. איך בעט דיך, האַנסל!

קאָנסטאַנצע:

(צו מאַרטאַ'ן) מוטער! דו מאַכסט זיך דערמיט שווערער אויפ'ן האַרצן. גלויב מיר! איז דען אַזוי ניט שווער גענוג! איך וועל דיר בעסער זינגען אַ שיין, פריילעך ליד! (וויל זינגען. מאַרטאַ האַלט איר אָפּ)

מאַרטאַ:

(צו קאָנסטאַנצע'ן) ניין, מיין קינד, דאָס פאַרשטייסטו ניט. דו ביזט נאָך ניט געווען קיין מאַמע! איך בעט דיך, האַנס, שפּיל דאָך!

האַנס:

(מאַכט אַ ניט־צופרידענע מינע) אויב דו ווילסט ניט אַנדערש!
(האַנס שפּילט אַ טרויעריק ליד. מאַרטאַ וויינט. אַ געדריקטע שטימונג)

ווערנער:

(אַביסל שטרענג) וואָס איז דאָ איינגנטלעך געשען? מיר פאָרן אין אונזער לאַנד, בויען אַ ניי, פריי לעבן, פאַר אונז, פאַר אונזערע עלטערן און פאַר אונזערע קינדער! מיר ווילן אַנגרייטן אַ פּלאַץ פאַר דעם גאַנצן אידישן פאָלק (צו האַנס'ן, צו עריך'ן) און פאַר אייך אויך!

האַנס:

אַ דאַנק! מיר פאָרן קיין אַמעריקע, קיין בראַזיל. מיר האָבן אונזער פּלאַץ.

פראַניע:

וואוהין זאָלן מיר אָבער גיין אין אונזערע אַלטע טעג? מיר זיינען דאָך אַלט, צעבראָכן...

מאַרטאַ:

(צו זיך) דאָ איז דאָך אַלץ... אונזער פאַרגאַנגענהייט... אונזערע שיינע חלומות... אונזער גאַנץ לעבן... די קברים פון אונזערע עלטערן, וועלכע זיינען אונז טייער און הייליק, זיינען דאָך דאָ, אין דייטשלאַנד!

לאָרע:

די קברים פון מיינע עלטערן זיינען אויך דאָ. זאָלן זיי ליגן אין רו און פרידן. מיר זיינען יונג, פול מיט האָפענונג. מיר מוזן אויפבויען אַ ניי, פריי לעבן. מיר וועלן דאָס דערגרייכן. מיר זיינען שטאַרק, קרעפטיק; מיר וועלן גובר זיין!

(דער אָבער־קאַנטאָר קומט אַריין. געגנזייטיקע באַגריסונג)

אָבער־קאַנטאָר:

איך בין געקומען זיך נאָכאַמאָל געזעגענען מיט מיינע בעסטע תלמידים — קורט און גרעטע!

אַלע:

זייער שיין, זייער פריינטלעך!

האַנס:

(צום חזן) הער אָבער־קאַנטאָר, איר געדענקט, ווען מיר האָבן געפייערט חנוכה ביי אונז אין הויז, האָט איר זיך דעמאָלט אויסגעדריקט, אויב איך האָב ניט קיין טעות, (איראָניזירנדיק) אַז לאָרע איז אייער בעסטע שילערין?

(אַלע לאַכן. אויך דער אָבער־קאַנטאָר)

לאָרע:

אַלע שילער פונם הער אָבער־קאַנטאָר זיינען די בעסטע, נאָר דו, שגץ! (דריקט מיט ליבשאַפט זיין אויער)

אָבער־קאַנטאָר:

(צו לאָרע׳ן) ריכטיק!

מאַרטאַ:

(צום אָבער־קאַנטאָר) מיין האַנס האָט אָקאַרשט דערמאָנט חנוכה. אַ וואונדערבאַרן אָוונט האָבן מיר דאָן דורכגעלעבט! אפשר זיינען מיר דאָן צום לעצטן מאָל געווען צוזאַמען ביי אַזאַ הער־לעכן אידישן יום־טוב.

ווערנער:

(שטרענג) מוטער! וואָס זיינען דאָס פאַר אַ ווערטער: צום לעצטן מאָל... צום נעקסטן חנוכה קומט איר אַלע צו אונז קיין ארץ־ישראל, און מיר אַלע וועלן דאָרט פייערן דעם חנוכה יום־טוב, נאָך שענער, נאָך אינהאַלטסרייכער, ווי דאָ אין גלות! אַלע צוזאַמען: איר, הער אַבער־קאַנטאָר, אויך דו, האַנס, דו, עריך. אַלע, אַלע, לשנה הבאה!

אָבער־קאַנטאָר:

אויב גאָט וועט נאָר וועלן, וועל איך זיכער קומען!

לאָרע:

הערלעך וועלן מיר פייערן! אויף דער פרייער מאַמע־ערד, אונטער דעם פרייען הימל!

אָבער־קאַנטאָר:

(צו לאָרע'ן, שטיל, אָבער אַלע הערן) אויך אַ ברית מוזן מיר דאָרט פּראַווען, אם ירצה השם. דאָס מוז זיין אַן אמת'ער מאַקאַבייער!

לאָרע:

(שעמעוודיק) איך האָף, הער אבער־קאַנטאָר!

אַלע:

אַ אינגל! אַ מיידל!

ווערנער:

(צו לאָרע'ן) דו הערסט, לאָרע! ארדערם גיבן זיי דיר פון אַלע זייטן! צווילינגם ווילן זיי! נו, חברה!

אָבער־קאַנטאָר:

(צו האַנס׳ן) און דו, האַנס?

האַנס:

(צום אָבער־קאַנטאָר) איך וויל ניט האָבן קיין קינדער, הער אָבער־קאַנטאָר!

אָבער־קאַנטאָר:

(צו האַנס׳ן. שאָקלט מיט׳ן קאָפּ, וואָס זאָל באַדייטן: נו אַ חברה־מאַן) גיין, ניט דאָס מיין איך! איך פרעג: וואָס וועסטו טאָן? וואוהין פאָרסטו?

האַנס:

אַז ערלעכער שלאָסער וועל איך זיין. אַ מענטש און אַ איד! איך פאָר קיין אַמעריקע.

(אַדאָלף קומט אַריין)

אַדאָלף:

גוטן אָוונט, מיינע דאַמען און הערן!

(אַלע: גוטן אָוונט, אַדאָלף!)

האַנס:

(צו אַדאָלף׳ן) איך וואונדער זיך, וואו נעמסטו דאָס כח צו טראָגן אויף דיינע פּלייצעס אַזאַ גרויסן נאָמען... אַ—דאָ—לף! אַזאַ נאָמען טראָגט דאָך ,,אונזער" פירער!... אַדאָלף היטלער...

(די יוגנט לאַכט, די עלטערע מאַכן אַן ערנסט פּנים)

אַדאָלף:

(צו האַנס׳ן) אַט זעסטו דאָך! (צום אָבער־קאַנטאָר, עטוואָס אין שפּאַס, ווייזט זיינע שטאַרקע מוסקולן און געזונטע ברוסט) גאָט גיט מיר קראַפט! (צו דער יוגנט) נו, חברה — פּאַלעסטינצעס, אַמעריקאַנער, בראַזיליאַנער, אַרגענטינער... דער גוטער יאָר ווייס אייך — מאָרגן מאַרש אין דער פרייער וועלט!

מאַרטאַ:

מאָרגן. אין אַ גליקלעכער שעה!
(די שטימונג ווערט אַן ערנסטע)

אַדאָלף:

פיל גליק, חברה! יאַטן זאָלט איר מיר דאָרט זיין! (איראָניש)
און ניט פאַרשעמען דעם דייטשן נאָמען!

האַנס:

(צו אַדאָלף׳ן. עטוואָס איראָניש, אין ענגליש) יעס, סער!

פראַניץ:

(צו אַדאָלף׳ן. ווייזט אויף דער יוגנט) די קינדער פאָרן אין נייע, ווייטע לענדער צו בויען אַ ניי לעבן פאַר זיך, פאַר די עלטערן, פאַר נייע דורות. און דו? וואָס וועסטו טאָן מיט דיין קראַפט, אַדאָלף?

אַדאָלף:

איך און מיין קראַפט בלייבן דאָ! איך בלייב אין דעם לאַנד, וואו איך בין געבוירן, וואו מיינע עלטערן, אור־אור עלטערן, גאַנצע דורות האָבן דאָ געלעבט, און מיט שווייס און בלוט באַזאַפטיקט די ערד! די ערד איז מיין ערד! איך בלייב דאָ, כדי צוזאַמען מיט אַלע פרייהייטס־קעמפער, מיט דעם בעסערן טייל פון דייטשן פאָלק, אַרבעטן, קעמפן פאַר אַ בעסערער צו־קונפט, פאַר אַ פריי דייטשלאַנד!

קורט:

און פאַר אונזער פאָלק וואָס וועסטו טאָן?

האַנס:

(צו קורט׳ן, איראָניש) ניט ווייניקער ווי דו מיט דיינע הינער דאָרט...

אדאָלף:

(צו האַנס'ן) ניין, האַנס, דו האָסט ניט קיין רעכט צו איראָ־ניזירן. הינער אויסהאָדעווען, אַ פאַרמער זיין, איז זייער אַ נוצלעכע אַרבעט, אַ גרויסע אַרבעט, וועלכע פאָדערט פיל ליבע, איבערגעגעבנקייט. איבעריקנס, יעדערער טוט דאָס, צו וואָס עס רופט אים זיין אינערלעכע שטימע.

האַנס:

(צו אַדאָלף'ן) דו ווייסט ניט קורט'ס שוואַכקייט. זיין גאַנצער ציל אין לעבן איז אויסצוהאָדעווען דורות פון הינער. (גייט צו צו קורט'ן, קלאַפּט אים מיט ליבע אין דער פּלייצע)

ווערנער:

(צו האַנס'ן) גענוג, האַנסל. אַלץ מיט אַ מאָס! די שטונדע איז צו ערנסט!

האַנס:

טאַקע דערפאַר.

קורט:

(צו אַדאָלף'ן) דו ביזט מיר נאָך שולדיק אַן ענטפער, אַדאָלף.

אַדאָלף:

(צו קורט'ן) איך האָב ניט פאַרגעסן. (קוקט אין דער ווייט, רעדט אַרויס שאַרף, דייטלעך, ציט די ווערטער) וואָס וועל איך טאָן פאַר דעם אידישן פאָלק? (פאַרטראַכט זיך) אַ סך! דורך דער באַפרייאונג פון דייטשן פאָלק וועט דאָס אידישע פאָלק פריי ווערן! ווען דאָס דייטשע פאָלק וועט צערייסן די קייטן, אין וועלכע עס איז געשמידט, ווען דאָס פאָלק וועט פון זיך אַראָפּוואַרפן די קנעכטשאַפט און דעם שווערן יאָך, און וועט ווערן פריי — דעמאָלט וועט פריי ווערן אויך דאָס אידישע פאָלק! ווי איך האָב שוין געזאָגט, איך בלייב דאָ און מוז דאָ

בלייבן, צו העלפן מיינע חברים אין אט דעם הייליקן קאמף, צו העלפן אויך מיינע אידישע ברידער אין זייער טאג־טעגלעכן שווערן לעבן.

ווערנער:

(צו אדאלף׳ן) און דערמיט, דענקסטו, וועט פארענטפערט ווערן די אלטע אידישע פראגע.

אדאלף:

(קאטעגאריש, איבערצייגנד) יא! איך בין אין דעם איבערצייגט! דאס אידישע פאלק איז א טייל פון דער מענטשהייט. איז די מענטשהייט פריי — איז פריי דאס אידישע פאלק; איז זי אין קנעכטשאפט — איז פארשקלאפט אויך דאס אידישע פאלק! קורץ — דער גורל פון אונזער פאלק איז ענג פארבונדן מיט דעם גורל פון די פעלקער, צווישן וועלכע מיר וואוינען, מיט דער גאנצער מענטשהייט!

טרודע:

(צו אדאלף׳ן) אייך איז ליכט צו ריידן, איר בלייבט דאך דא, אין דער היים, אין דייטשלאנד... (פארטראכט זיך)

אדאלף:

(שאקלט מיט׳ן קאפ, עטוואס פארביטערט) יע, ליכט... האסטו אן אנונג!

ווערנער:

ניין, טרודע! פיל, פיל לייכטער איז אויסצוואנדערן. אבער בלייבן דא... אין דער „היים”... (פארביטערט) דאס איז פיל, פיל שווערער...

לארע:

(צו אדאלף׳ן) א גרויסן קרבן ברענגסטו דערמיט, וואס דו בלייבסט דא! גרויס איז דיין אפפ...

אדאָלף:

(מאַכט אַ באַוועגונג מיט דער האַנט אין לאָרע׳ס זייט) אַנטשולדיק, לאָרע, וואָס איך שלאָג דיר איבער. ס׳איז ניט קיין קרבן, ווי דו רופסט עס, ניט קיין אָפּפער פון מיין זייט! אַ קרבן וואָלט דאָס געווען דעמאָלט, ווען מ׳וואָלט מיך דערצו געצוואונגען. (מיט שטאָלץ און קראַפט) איך אַליין האָב מיר אויסגעקליבן מיין וועג!

אָבער־קאַנטאָר:

(צו אַדאָלף׳ן) דאָס איז דאָך אָבער אַ סכנה! איר אַפּפערט דאָך אייער לעבן! איר ווייסט דאָך מיט וואָס דאָס שמעקט!...

אדאָלף:

(מאַכט קליין די גאַנצע זאַך) סכנה... עד... איר געדענקט דאָך, הער אָבער־קאַנטאָר, וואָס דער דיכטער זאָגט:

קאַמף מאַכט לעבעדיק,
קאַמף פאַרהאַרטעוועט,
קאַמף גיט מוט!
אין קאַמף געפינט מען זיך,
אין קאַמף דערהויבט מען זיך,
אין קאַמף שלאָגט הייס דאָס בלוט!

(פויזע)

הער אָבער־קאַנטאָר, לאָמיר בעסער ריידן פון אַנדערע זאַכן. וואוהין פאָרט איר, זאָגט מיר?

אָבער־קאַנטאָר:

איך בלייב דאָ מיט מיין געמיינדע. איך וועל שטאַרקן די שוואַכע, געבן טרייסט די פאַרצווייפלטע, העלפן די, וועלכע נויטיקן זיך אין הילף.

עריך:

איר זעט דאָך, הער אָבער־קאַנטאָר, וואָס בלייבט פון דער גע־מיינדע. פאַמיליעס ווערן צעריסן... קיינער בלייבט ניט...

מאַרטאַ:

צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע ימים. עס בלייבן דאָך נאָר אַלטע און שוואַכע.

אָבער־קאַנטאָר:

איך בלייב מיט זיי, מיט די אַלטע און שוואַכע, ווי איר האָט געזאָגט, פרוי לעווענטאַל!

גרעטע:

און ווען די אַלטע און שוואַכע וועלן אויסוואַנדערן צו זייערע קינדער, וועט דאָך פון דער געמיינדע ניט בלייבן קיינער.

אָבער־קאַנטאָר:

כל־זמן אפילו איין איד וועט בלייבן דאָ, בלייב איך מיט אים!

(אַלע קוקן אָן דעם חזן מיט רעספּעקט און יראת־הכבוד)

אַדאָלף:

(נעמט אַרום דעם חזן) פיין, וואונדערבאַר!

האַנס:

(צום אָבער־קאַנטאָר) זאָרגט ניט, הער אָבער־קאַנטאָר, איין איד בלייבט דאָך געוויס: דאָס איז דאָך אַדאָלף. ניט קיין אי־אי־אי איד, אָבער פאָרט אַ איד! (קלאַפּט אַדאָלף'ן אויף די אַקסלען)

לאָרע:

(צו אַלעמען) מיט אונזער אָבער־קאַנטאָר קענען מיר שטאָלץ זיין. קינדער, מיר האָבן ביז היינט ניט געוואוסט, וואָס פאַר אַ לערער מיר האָבן געהאַט!

פראַנץ:

(דריקט שטאַרק די האַנט פון אָבער־קאַנטאָר) הער אָבער־קאַנטאָר! איר זיינט דער ריכטיקער קאַפּיטאַן! איר ווילט דער לעצטער פאַרלאָזן די שיף. עס וועט לאַנג ניט דויערן. די שיף איז צע־שמעטערט, צעבראָכן, און באַלד וועט זי שוין זינקען.

אדאָלף:

(צו פראַנץ'ן) ניט פעסימיסטיש זיין, הער לעווענטאַל! ניט פאַר־צווייפלט זיין! איר זיינט דאָך אַ סאָלדאַט! די שיף וועט ניט אונטערגיין! (מיט ביטערקייט) זיי וועלן אונז ניט פאַרניכטן! דאָס אידישע פאָלק לעבט און וועט לעבן! זיי וועלן פאַרניכטעט ווערן! זאָל נאָר קומען די גליקלעכע שטונדע! אָ! וועל איך זיך מיט זיי אָפּרעכענען!

ווערנער:

איך גלויב אויך אין זייער מפּלה און אין אונזער באַפרייאונג. אָפּרעכענען זיך מיט אונזערע פיינט — דאָס ניט! צו דעם האָבן מיר, אידן, אַ קורצן זכרון. מיר פאַרגעסן אַלע אונזערע באַ־לידיקונגען, צרות און פייניקונגען, וועלכע אונזערע שונאים האָבן אונז אָנגעטאָן. מיר פאַרגעסן אַלץ. נאָר איין זאַך פאַר־געסט ניט דאָס אידישע פאָלק, דאָס איז ירושלים...

לאָרע:

ירושלים! וואונדערבאַר האָסטו דאָס אַרויסגעזאָגט, ווערנער! קיין שפּראַך אין דער וועלט: יערוזאַלעם, דזשערוסעלעם, יע־רוסאַלים, דריקט ניט אויס דאָס הייליקע, באַגייסטערטע, ערהאַ־בענע, וואָס ליגט אין דעם וואָרט: ירושלים! (קליינע פּויזע) י—רו—ש—לים! איך הער די טריט פון די נביאים, אין מיינע אויערן קלינגען די סימפאָניעס פון אונזערע לויים, איך זע די גרויסקייט פון אונזער פאָלק. אַט שטייען פאַר מיינע אויגן די שיינע טעכטער ציון'ס, טאַנצנדיק אין די גערטנער און פעלדער פון יהודה. פרייע מענטשן זיינען מיר געווען אויף דער פרייער נאַטור! (קליינע פּויזע) איז ניט פּראַכטפול, אַדאָלף?! זאָג אָפן, ווען אפילו דו געהערסט ניט צו אונז!

גרעטע:

(צו לאָרע'ן) וואָס הייסט אַדאָלף געהערט ניט צו אונז?! ער האָט אַ וואַרעם אידיש האַרץ, טראַצדעם, וואָס ער איז אַ פרייהייטס־קעמפער.

קורט:

געוואַלד! ער איז אונזערער אַ יאַט!

אַדאָלף:

(צו גרעטע׳ן און קורט׳ן) גוט. אייערער, אונזערער... איך וויל זיך ניט שפּאַרן. (צו לאָרע׳ן) איך וויל דיר נאָר זאָגן, לאָרע, אַז מיינע אויערן זיינען ליידער ניט קיין מוזיקאַלישע. איך הער ניט און זע ניט דאָס, וואָס דו הערסט און זעסט. פאַר מיר איז אַרבעט דאָס וויכטיקסטע! ניט די ראָמאַנטיק פון ירושלים, וועלכע דו האָט אַזוי פאַרביק און שיין אויסגעדריקט, פאַרכאַפּט מיך, נאָר די פּאָעזיע פון אַרבעט — די אַרבעט פון די חלוצים, וועלכע בויען אַ ניי, געזונט, פריי לעבן אויף סאָציאַליסטישע יסודות! פאַר זייער העלדישקייט, גלויבן, פאַר זייער אימפּעט, עקשנות, פאַר זייער ברען און הייליקן פייער, מיט וועלכן זיי לעבן און שאַפן, בויג איך מיינע קני! (קליינע פּויזע) קורץ — פּאַלעסטינע איז ביי מיר אַ לאַנד, ווי אַלע אַנדערע לענדער, וועלכע קענען געבן אַן אָרט און אַרבעט פאַר פאַריאָגטע.

ווערנער:

(צו אַדאָלף׳ן) אוי, דאַרפן מיר האָבן אין ארץ־ישראל אַזעלכע יאַטן, ווי דו! (קלאַפּט אים חבר׳יש אין דער פּלייצע)

(קאָנסטאַנצע האָט ביי דער גאַנצער סצענע, פון דער צייט אָן, ווען אַדאָלף איז אריין אין צימער, קיין אַנטייל ניט גענומען אין די אַלע געשפּרעכן, נאָר מיט לאַנגזאַמע טריט געגאַנגען הין און צוריק, די הענט פאַרלייגט הינטן, די גאַנצע פיגור עטוואָס געבויגן, וואַרפנדיק אירע בליקן פון צייט צו צייט אויף אַדאָלף׳ן און אויף אַנדערע. ביסלעכווייז גלייכט זיך אויס איר קערפּער, די אַקסלען ווערן העכער, דער גאַנצער קערפּער אָנגעפילט מיט שטאַרקייט און ענערגיע. אויף אַ סעקונדע האָט זי זיך אָפּגעשטעלט ביים שפּיגל, זיך אָנקוקנדיק)

אַדאָלף:

(צו קאָנסטאַנצע׳ן) קאָנסטאַנצע, דו ביזט אַ חכמה! מיר רייסן

זיך דאָ די העלזער, מיר זיינען שוין באַלד הייזעריס, און דו שפּאַצירסט און שווייגסט!...

האַנס:

קאָנסטאַנצע, וויפיל מייל האָסטו שוין געמאַכט? דו האָסט שוין געקענט זיין אין פּאַלעסטינע, ביי קורט'ס הינ..., אַנטשולדיקט, אין קורט'ס פאַרם!

קאָנסטאַנצע:

איך האָב אַלץ געהערט, אויפמערקזאַם געהערט. אייערע אַלעמענס רייד דורכגעטראַכט, דורכגעוויטיקט, דורכגעפילט...

אַדאָלף:

נו, וואוהין גייסטו?

גרעטע:

קאָנסטאַנצע פאָרט מיט אונז קיין ארץ־ישראל. דאָס איז שוין גאַנץ זיכער.

האַנס:

אפשר וועט זיך קאָנסטאַנצע מיישב זיין, און פאָרן מיט מיר קיין אַמעריקע?

אַדאָלף:

(צו אַלעמען) אפשר בראַזיל, אַרגענטינע? ברענגט זשע קאָנ־סטאַנצע'ן אייערע אַנדערע איינלאַדונגען! ניין, פּאַלעסטינע איז ניט פאַר קאָנסטאַנצע'ן! קאָנסטאַנצע איז אַ מענטש פון גרויסן קאַמף, קאָנסטאַנצע איז אַ פּאַעטין, אַ מאַלערין. קאָנסטאַנצע מוז האָבן גרויסע שלאַכטפעלדער, גרויסע לייוועגטן, גוואַלדיקע אַנרעגונגען פאַר גרויסע פּאָעמען!

ווערנער:

(צו אַדאָלף'ן) דאָס אַלץ פאַרמאָגט ארץ־ישראל. ארץ־ישראל נויטיקט זיך אין העלדישע קעמפער און אין מענטשן, וועלכע זאָלן פאַרהערלעכן און באַזינגען דעם קאַמף!

אדאָלף:

ווערנער! איך קען גוט קאָנסטאַנצע'ן! איך בין מיט איר גע־שטאַנען זייט ביי זייט, איך האָב זי געזען אין אַ הייליקן קאַמף פאַר פרייהייט, ווי זי ברענט אַליין, באַגייסטערט און צינדט אָן אַנדערע. איך האָב געזען, ווי זי קוקט גלייכגילטיק דעם טויט אין די אויגן. קאָנסטאַנצע איז אַ מענטש פון שטאָל, פון גרויסע פלעצער! פּאַלעסטינע איז פאַר איר צו ענג. זי וועט דאָרט דערשטיקט ווערן!

קאָנסטאַנצע:

(אַלע נייגעריק) אַדאָלף! דו איבערשעצט מיך. דו האָסט געזאָגט, אַז דו ביזט ניט קיין פּאָעט. צעזונגען האָסטו זיך דאָ אויף אַלע טענער, ניט ערגער ווי לאָרע. (קליינע פּויזע) אַדאָלף! פון דער פריערדיקער קאָנסטאַנצע איז ניט פיל געבליבן. פאַרטאָכלע־וועט, פאַרברענט. איך בין אָבער ניט באַנקראָט! (הויבט אָן ריידן באַגייסטערט, פלאַקערט. וואָס ווייטער ווערן אירע ווערטער שטאַרקער און ליידנשאַפטלעכער; איר קאָפּ העכער, און איר גאַנצער קערפּער פילט זיך אָן מיט עלעקטריציטעט) אַדאָלף! דו און איר אַלע, איר ווייסט דאָך פון מיין פּערזענלעכן לעבן. מיט אַ שעה צוריק בין איך געזעסן ביי דער פּיאַנע, געשפּילט אַ טרויעריק ליד, געזעסן צעבראָכן, נידערגעשלאָגן, פאַרצווייפלט, קליין אַזוי ביי זיך, אַז איך אַליין, און דאָס איז דאָס שרעקלעכסטע, האָב אויף זיך אַ רחמנות געפיל באַקומען. גרעטל, לאָרע און ווערנער האָבן מיך באַרואיקט, געצערטלט, ווי אַ מוטער באַהאַנדלט אַ קראַנק קינד. פּפוי, איך שעם זיך דאָס אַלעס צו זאָגן! איצט, ניין! קאָנסטאַנצע לעבט! איך פיל, ווי פליג־לען זיינען ביי מיר אויסגעוואַקסן, וועלכע הויבן מיך אין די הויכע הויכקייטן! אַ סוף מיט דער פאַרגאַנגענהייט! עס איז אַ שאַנדע צו לאָזן זיך איצט באַהערשן פון פּערזענלעכע נידערלאַגעס. געננוג! צום קאַמף! צו אַרבעט! קאָנסטאַנצע האָט דערוואַכט! (אַלע: בראַוואָ! באַגייסטערטע שטימונג) קינדער!

איך פאָר ניט קיין פּאַלעסטינע, איך פאָר אויך ניט אין קיין אַנדערע לענדער. איך בלייב דאָ! (אַדאָלף, די אַלטע לעווענ־טאַלס, דער אָבער־קאַנטאָר גליקלעך, צופרידן) מיין אָרט איז דאָ! איך וועל זיין מיט די עלטערן, וואַכן איבער זיי, איך וועל אייך, הער אָבער־קאַנטאָר, העלפן אין אייער אַרבעט: שטאַרקן די שוואַכע, געבן טרייסט און אויפמונטערונג די פאַרצווייפלטע. איך וועל דינען מיין פאָלק, וואָס איז מיר פריער געווען פרעמד און איצט אַזוי נאָענט! איך וועל אויך דיר, אַדאָלף, העלפן אין דיין הייליקן קאַמף! אַך, ווי גוט איז מיר איצט! איך פיל זיך איצט אַזוי יונג, קרעפטיק, פול מיט האָפענונג! איצט איז פרילינג. די גאַנצע נאַטור האָט דערוואַכט פון טיפן שלאָף, און אויך פאַר מיר איז געקומען די דערוואַכונג! (מאַרטאַ לויפט צו איר צו, קושט זי: מיין קאָנסטאַנצע, מיין קינד!) אַך, מוטער, ווי שיין און אינהאַלטסרייך איז דאָס לעבן! (צו אַלעמען) קינדער! פאַראויס! דאָס לעבן האָט ניט קיין זין, ווען מ׳פאַרלירט דעם גלויבן אין מענטשן און אין דעם ענדלעכן זיג פון ליבע און פרייהייט!

(אַלע גייען צו קאָנסטאַנצע׳ן, נעמען זי אַרום, קושן זי; דער אָבער־קאַנטאָר און אַדאָלף דריקן איר באַגייסטערט די הענט. קאָנסטאַנצע, אַביסל דערשעמט, זעצט זיך) איך בין מאַקע מיד. (מיט אַ שמייכל) אַ קלייניקייט — אַזוי פיל מייל געגאַנגען דורכ׳ן צימער.

אַדאָלף:

איר זעט, חברה, איך האָב געזיגט! איך מיין, קאָנסטאַנצע׳ס באַשלוס האָב איך זיך אַזוי פאַרגעשטעלט. לעבן זאָל קאָנ־סטאַנצע׳ס דערוואַכונג!

אַלע:

לעבן זאָל קאָנסטאַנצע!

(קאָנסטאַנצע באַדאַנקט)

פראַנץ:

(צו מאַרטאַ׳ן) נו, וואָס האָב איך דיר געזאָגט, מאַרטאַ! אַלע

צרות, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט אין לעבן, האָבן זיך גע־לוינט! אויך צו אונז, עלטערן דור, איז געקומען די דערוואַכונג! (צו קאָנסטאַנצע׳ן) קום צו מיר, מיין קינד! (דריקט זי צו זיין ברוסט) אויך דיין אַלטער פאָטער איז יונג געוואָרן! (באַפרייט זי פון זיינע אָרעמס) אויך איך בין געווען צעבראָכן, דערני־דעריקט, פריצייטיק געעלטערט, געפילט זיך אַזוי קליין, אָנ־מעכטיק, שוואַך. גאַנצע טעג געזעסן און געבורטשעט: גע־וויטער... שטורעם... (קליינע פויזע) אוים! (שטרעקט אויס זיין סאָלדאַטישע ברוסט) פראַנץ לעווענטאַל האָט דערוואַכט! דערוואַכט פאַר זיין פאָלק! איך וועל דינען מיין פאָלק מיט אַלע מיינע כוחות! איך בין יונג!

האַנס:

(לויפט צו צו זיין מוטער, פירט איר צו צום פאָטער. גליקלעך, צופרידן) אַט האָסטו, מוטער, מיטאַמאָל געקראָגן אַ יונגן מאַן!

(אַלע לאַכן צופרידן)

פראַניץ:

(דרייט האַנס׳ן פאַר׳ן אויער) און וואָס האָב איך געקראָגן? (צו מאַרטאַ׳ן מיט אַ צופרידענעם שמייכל) די זעלבע אַלטיטשקע מאַרטאַ!

ווערנער:

(צו פראַניץ׳ן) ניין, פאָטער! מוטער איז שטענדיק יונג. זי איז שטענדיק געווען מיט אונז!

(אַלע: מוטער איז יונג, פאָטער יונג. הערלעך איז דאָס לעבן!)

אָבער־קאַנטאָר:

שטאָלץ קענען מיר זיין מיט אונזער יוגנט, מיט אונזערע חלוצים. האָבנדיק אַזאַ יוגנט, וועט אונזער פאָלק ניט אונטערגיין, פאַר־קערט — מיר וועלן גובר זיין! מ׳קען מאַכן אַ באַגייסטערטן שהחיינו, ווען מ׳זעט, ווי קינדער זיינען צוזאַמען מיט די עלטערן און די עלטערן מיט די קינדער! פרוי לעווענטאַל! הער לעווענ־טאַל! איר זיינט די גליקלעכסטע מענטשן, איר האָט דאָך אַזעלכע

קינדער! געבענטשט זאָלן זיי זיין דאָ און דאָרט. (צו אַלעמען) גאָט זאָל מיט אייך זיין אומעטום, וואו איר זיינט!

ווערנער:

איר האָט ריכטיק געזאָגט, הער אָבער־קאָנטאָר, דאָ און דאָרט. דאָרט, אין ארץ־ישראל, וואוהין מיר גייען, און אין אַנדערע לענדער, וואוהין אידן גייען, דאָ, אין די לענדער, וואו אידן בלייבן, אומעטום, וואו אידן בויען אַ ניי לעבן, אַ פריי לעבן, אַ האַרעפּאַשנע לעבן, זאָלן געבענטשט זיין זייערע הענט און געשטאַרקט ווערן זייערע כוחות!

אַדאָלף:

און וואָס זאָלן טאָן די יעניקע פון אונזערע ברידער, וועלכע קענען דאָ ווייטער ניט בלייבן, מוזן אויסוואַנדערן, און ס'איז ניטאָ, וואוהין?

קאָנסטאַנצע:

עס בלייבט איין וועג: ווענדן זיך צו אַלע מענטשן אין דער וועלט: מענטשן, עפנט די טויערן! מענטשן, עפנט אייערע הערצער! מענטשן, זייט מענטשן!

מאַרטאַ:

און איך, איינע פון די מאַמעס, וועמעס קינדער ווערן צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, ווענדע זיך מיט שמערץ און טיפן ווייטיק צו אייך, מאַמעס פון דער גאַנצער וועלט: העלפט אונזערע קינדער, העלפט!

פ אָ ר ה אַ נ ג.

# פאַרליר ניט די האָפנונג

(אַ וואַנדער־ליד)

טעקסט און מוזיק

פון

## באָריס קאַדער



# HOPE, ALWAYS HOPE!

WORDS AND MUSIC

By BORIS KADER

introduction

1. Hung-er un nait hob' n uns tzu-zeet, doa shti-ke- le broit hot uns zushprait

Tzu-zait un tzu- shprait, tzu-shprait un tzu-zait, Oi,oi,oi,oi,oi, oi!

For-dsche ge-sunt,blaibsche gesunt,di kin-derlach un du,mein veib.










2.. Feld-er un veld-er, vas-ser un berg,tzeshaiden uns af a lan---ge tzeit.



Feld-er un veld-er, vas-ser un berg, Oi, oi,oi,oi,oi, oi!



For-dsche ge-sunt, blaib-sche ge-sunt,di kin-der-lach un du,mein veib.




3. Far-lir nit di hof'nung,du, mein mann. Hef -sche, hef-sche, du,mein- veib.


He- -f'n, he -f'n,shten-dig -- hef-n , oi,oi,oi,oi, oi, oi!


For-dsche ge-sunt, blaib-sche ge-sunt, di-kind-er-lach un--du- mein veib.
D.S.


4. Shreib mir a bri--ve- -le, shreib mir a bri---ve---le,


Shreib mir a bri--ve-le--mein- mann . shreib mir a bri--ve--le,


shreib mir a bri--ve -le, a bri-ve-le shreib mir mein mann.
D.S.

